146

מ. באַקאַל

די

# מאָדערנע קינדער ערציהונג

פרייז 25 סענט

די מאָדערן פּאַבלישינג קאָ.
1126 בלו איילאַנד עוועניו
שיקאַגאָ, איל.

# פאררעדע

דאָס ביילינענדע ווערק וועגען קינדער ערציהונג, איז בלויז א פערזוך איבערצוגעבען אין אידיש, די נייע פעדאגאגישע אידעען און אנשויאונגען, וואָס זיינען אויסגעוואקסען פאר דער לעצטער צייט. עס איז בשום אופן נישט קיין פאָלקאָמענע ארבייט. דער אויטאָר האָט הויפטזעכליך געהאט פאר'ן אויג די גרויסע נויט וואָס איז ביי אונז ענטשטאנען פאר א ביכעל, וואָס זאָל אויפקלערן עלטערן און לערער די פילע פראָבלעמען פון קינדער ערציהונג.

יעדער איינער וואָס וועט פאָרזיכטיג דורכלעזען דאָס ביכעל, וועט יעדענפאלס זאך בעקאנען מיט דער פסיכאָלאָגיע, פעהיגקייטען און נויטען פון קינדער. בעזאנדערס, וועט עס צווינגען דעם לעזער זאך צו פארטראכטען וועגען דעם נידעריגען צושטאנד פון אונזער גאנצער היינ־טיגער סיסטעם פון קינדער ערציהונג אין אלע קאפיטאליסטישע לענדער.

עס איז אויך אמת, אז דאָס ביכעל בעריהרט דאָס רוב די אלגעמיי־נע טעאָרעטישע פראָבלעמען פון קינדער ערציהונג, אָבער אום כדי צו קענען פראקטיש ערציהען קינדער אין דער היים און אין שול, איז נויטווענדיג זיך צו באקאנען פריהער פון אלץ מיט די איינגעבאָרענע כחות פון קינדער און מיט די אויפטואונגען אויפן געביט פון פע־דאגאָגיע.

דער ערשטער טייל פון ביכעל ענטהאלט ארטיקלען, וועלכע זיי־נען געדרוקט געוואָרען אונטער דער רעדאקציע פון פיליפ קראנץ אין מאָנאטליכען זשורנאל „פריינד", ארויסגעגעבען פון ארבייטער רינג אין ניו־יאָרק. אָבער זיי זיינען פיל בעארבייט און געענדערט געוואָרען. דער גרעסטער און דער וויכטיגסטער טייל פון די קאפיטלען זיינען אלע נייע.

דער אויטאָר בעדאנקט זעהר הערצלאך די פריינד און קאָלעגיען: ק. מרמר, יצחק ראנטש און טש. קישינעווסקי, פאר זייערע קריטיקען און זייערע פאָרשלאגען, לעזענדיג די קאָרעקטור.

מ. באקאל.

# איינלייטונג

די פראגע וועגען קינדער ערציהונג און קינדער שולען איז פאר די לעצטע עטליכע יאהר געווארען די ברענענדסטע פראגע אין אונזערע ראדיקאלע געזעלשאפטליכע קרייזען. עס איז ארום דעם ענטשטאנען א גרויסע מיינונגס־פערשיעדענהייט. ניט איין מאל קומען צוליב דעם פאר שטורמישע דעבאטען. אבער דערווייל איז נאך אלץ וועניג ממשות'דיגעס אויפגעטאן געווארען. די קינדער פון אידישע ראדי־קאלע עלטערען ווערען איבערגעלאזען אויף הפקר, און די ערציהונגס־פראבלעם שוועבט נאך אלץ מייסטענס ביי אונז אין די הויכע וואלקענס פון טעארעטישע פארהאנדלונגען.

קינדער ערציהונג איז, אין דער אמת'ן, איינע פון די וויכטיגסטע נויטען פון אונזער מאדערנער צייט. דאס בארירט דאס נאהענטסטע און אינטימסטע פון אונזער פריוואטען, אזוי גוט ווי פון אונזער גע־זעלשאפטליכען לעבען. דער יונגער דור פארקערפערט אין זיך ניט נאר די גייסטיגע און מאראלע ירושה פון אונזער אינדיווידועלען לעבען, נאר אויך אונזער אלעמענס סאציאלע ירושה. און ווען מיר ווילען אז אונזערע קינדער זאלען ווייטער וועבען די פעדים פון אונזערע אידעען און אידעאלען, מוזען מיר זארגען און אבהיטען זייער ערציהונג.

אונזערע זיידעס און טאטעס האבען געהאט א פאלשען באגריף וועגען די נשמות אדער גייסטיגע פעהיגקייטען פון זייערע קינדער. זיי האבען געגלויבט, אז מאנכע קינדער ווערען געבוירען פון קינדרוויז אן מיט גוטע קעפ, מיט גרויסע פעהיגקייטען, ווערענד אנדערע ווידער, מיט „פארשטאפטע קעפ". דאך האבען זיי געטאן אלעס אין זייערע כחות צו ערציהען די קינדער אין זייער גייסט, אונטער זייער השגחה, און זיי געגעבען לויט זייערע אנשויאונגען נאך די בעסטע האדאוואניע.

די מאדערנע קינדער ערציהונג האט פאר די לעצטע יארען ארויס־געבראכט דעם פאקט, אז מען קען ערציהען יעדעס קינד און אין דעם איינפלאנצען גרויסע אידעען וואס זאלען איידעל מאכען דעם קינד'ס גייסטיגען און מאראלען צושטאנד. נאך מעהר, אפילו שוואכזיניגע קינדער, אזוינע וועלכע ווערען געבוירען גייסטיג שוואכזיניגע, קענען

# מאָדערנע קינדער ערציהונג

אויך געוויסערמאַסען, ענטוויקעלט ווערען דורך ערציהונג זיי זאָלען אויסוואַקסען נוצבארע מענשען פון דער געזעלשאַפט.

די עפענטליכע שולען אין אמעריקא שטעהען אָבער אויף א זעהר נידעריגען פעדאַגאָגישען שטאַנד. עס הערשט אין די שולען דאָס רוב דער גייסט פון די רייכע און קאָנסערוואַטיווע פאַרוואַלטער. מען פלאַנצט דאָרט איין אין די יונגע נשמה'לאַך די גיפטיגע קערנער פון דער איצט הערשענדער אָרדנונג. די אַטמאָספערע און די למודים זיינען דאָרט רעשטלאַך פון גרויען פאַרשימעלטען מיטעל־אַלטער. בע־זאָנדערס די לעצטע צייט, זעעט מען דאָרט ביטערניש, אין די הערצער פון די קליינע קינדער געגען יעדען פונק ליכט און פרייהייט.

עס איז אמת, אז דאָ און דאָרטען ווערען רעפאָרמען איינגעפירט אין די שולען. דאָס איז אָבער מייסטענס בלויז א מאַנטעל צו פאַר־דעקען דעם שימעל, וואָס האָט זיך דאָרט אָנגעזאַמעלט פון די אָבגע־שטאָרבענע פינסטערע צייטען.

ווען מיר שטעלען זיך די פראַגען: ענטוויקעלט די שול אין אמערקא די קינדער פאַר נוצליכע בירגער? ווערען זיי דאָרט פאָרבערייטעט צום קינפטיגען מענשליכען לעבען? מוזען מיר קומען צום שלוס, אז ניט נאָר אין דעם הינזיכט פון גייסטיגער ערציהונג, זאָנדערען אויך פון פראַקטישען שטאַנדפונקט זיינען דאָ ווי אין אַלע אנדערע קאפי־טאַליסטישע לענדער די שולען ווייט הינטערשטעליג. די קינדער וועלכע ענדיגען דיזע שולען, זיינען הילפלאָז אין דעם קאַמף פאַר'ן לעבענס־עקזיסטענץ. און ווערענדיג אריינגעשלעפּט אינ'ם שטראָם פון אינדוסטריעלען און קאָמערציעלען הו־הא, ניט קענענדיג באַנוצען זיך מיט דעם וואָס זיי האָבען געלערנט אין דער שול, פאַרגעסען זיי ביסלעכווייז אַלעס וואָס זיי האָבען געקענט פריהער און בלייבען אונקולטורעל און אונערצויגען.

די הויפּט אורזאַכע פון אונוויסענהייט און גייסטיגער אונטער־וואַקסענקייט צווישען קינדער ליגט אין זייער ערציהונג. די מעטאָדען פון קינדער ערציהונג וואָס ווערען באַנוצט אין די אמעריקאַנער עפענטליכע שולען, ווי אין אַלע אנדערע קאַפּיטאַליסטישע שטאַדט־שולען, זיינען זעהר ניט צופרידענשטעלענד, אונווירקזאַם און אָפט אויך רואינירענד פאַר דער ווירקליכער ענטוויקלונג פון קינדער.

די יעניגע, וועלכע קומען אהער אריבער פון לענדער וואו עס איז פריהער, אין די שלעכטע צייטען פאר אידישע קינדער געווען כמעט אונמעגליך ארייננצוטרעטען אין רעגיערונגס שולען, טראכטען זיך, אז דאָ איז פאר אידישע קינדער א גן־עדן, אז עס איז א „פון גאָט געבענשטעס לאנד.“ און דער טאָג ווען זייערע קינדער הויבען אָן געהן אין שול, איז פאר זיי א טאָג פון גרויס פרייד.

פסיכאָלאָגיש איז עס ווירקליך א גרויסע געשעהניש — צו שיקען קינדער לערנען. דער איינפאכער מענש וואָס האָט א קנאפע ידיעה וועגען ערציהונג, וואָס איז פארהאָרעוועט און פארטאָן א גאנצען טאָג, קען ניט פארשטיין צו די קינדער ווערען אונטעררינכטעט לויט דעם גייסט פון דער צייט, לויט די פאָדערונגען פון לעבען אָדער נישט. די פרווי פון אָרעמען און מיטעלען גראד, שטעהט נאָך אלץ דערוויילצוליב די עקאָנאָמישע און געזעלשאפטליכע בעדינגונגען פון קאפיטאַליזם, אויף אזא נידעריגער גייסטיגער מדרגה, דאָס זי קען עס נאָך ווייניגער בעגרייפען ווי דער מאַן. און אויף אזא אופן ווערט די ערציהונג פון קינדער אינגאנצען איבערגעגעבען אין די הענט פון די לערערינס אין די שטאָדט שולען.

די רייכע פארשטייען גאנץ גוט אז די עפענטליכע שולען אין אמעריקא, זיינען ניט אימשטאנד צו ערציהען קיין קינדער. זיי שיקען גראדע ניט זייערע קינדער אין קיין עפענטליכע שולען. די קינדער פון דער געלד אריסטאָקראטיע אין דער גאנצער וועלט לערנען אין פריוואט־שולען. די בעסטע און מאָדערנסטע קינדער־שולען אין לאנד ווערען באזוכט פון מיליאָנערסקע קינדער, וועלכע ווילען זיך ניט מישען מיט די קינדער פון אָרימען שטאנד.

אין יעדער גרעסערער שטאָדט פון לאנד זיינען פאראן אייניגע גוטע שולען. דאָרט קאָסט אָבער דער אונטעררינכט צופיל, אז א קינד פון אָרעמע טאטע־מאמע זאָל אהין קענען געהן. אין דיזע שולען לערענט מען לויט די נייעסטע פראקטישסטע מעטאָדען. אָבער אהין פאָרען קינדער מיט אויטאָמאָבילען. און ווען אינטעליגענטע טאטע־מאמע סאָזען זיך בלוטען פאר'ן קינד און גיבען עס אויך אוועק אהין, ווערט דאָס קינד פארשעמט און נידערגעשלאָגען, געפינענדיג זיך צווישען קינדער פון גרויס רייכטום און גלאנץ.

אלס פאקט אז פריוואט ערציהונג איז איצט, ביי דעם געפאלענעם צושטאנד פון די עפענטליכע שולען, די מעכטיגסטע וואפע אין לעבען, קענען מיר זעהן פון דעם, וואס די קאטאלישע קירכע, די שטארקסטע און איינפלוסרייכסטע אין דער וועלט, האט אויפגעעפענט פריוואט שולען פאר אָרעמע קינדער און באזאנדערס פאר קאטאָליקען זעלבסט, וועלכע ווילען זייערע קינדער ערציהען אין זייער גייסט און אין זייער רעליגיאָן. זיי האָבען בעסערע ערציהונגס מעטאָדען איידער די עפענטליכע שולען, כאָטש לויט זייערע צילען זיינען זיי ניט מער ווי שווארצע נעסטען וואו הערצער פון קינדער ווערען פאר'סם'ט.

דער יעניגער וועלכער דענקט און טראכט בכלל זעהר ווייניג וועגען אזעלכע זאכען, קען פיליכט זיך צופרידענשטעלען מיט דער לאגע וואס הערשט ביי אונז בנוגע ערציהונג. אָבער, דער מער אָדער ווייניגער באוואוסטזיניגער, ענטוויקעלטער און אינטעליגענטער מענש קען באין אופן צו דעם ניט בלייבען גלייכגילטיג.

די ארטאדאקסישע אידען האָבען זייערע תלמוד תורה'ס און שבת און זונטאג שולען. דאָרט פארזייען זיי אין די קינדער די קערנער פון רעליגיאָן און תורה. דאָס רוב גייען אהין אָרעמע קינדער, אָפט אפילו, על פי טעות, פון ראדיקאלע עלטערען.

עס איז דארום זעלבסטפארשטענדלאך, אז די ראדיקאלע און פראָגרעסיווע עלטערען דארפען דערהויבען די ערציהונג פון זייערע קינדער, ווייל קינדער שטעלען דאָך סוף כל סוף מיט זיך פאר די מענשען פון דער צוקונפט, דעם דור וואָס דארף ערשט אויסוואקסען.

די קינדער ערציהונג האָט געמאכט גרויסען פאָרטשריט פאר די לעצטע יאָרען, מען מעג זאָגען: עס איז פאָרגעקומען אין דעם — א רעוואָלוציאָן. עס זיינען אריינגעבראכט געוואָרען גאָר נייע און מאָדערנע באגריפען, וואָס עפענען אויף פאר די, וועלכע אינטערעסירען זיך מיט דעם, ברייטע און פרייע האָריזאָנטען. אין דער סאָציאַליסטישער רוסלאנד זיינען דאָס רוב שולען איינגעאָרדענט געוואָרען שוין לויט די נייע ערציהונגס פרינציפען.

.1

# דאָס קינד אין דער היים און אין דער שול.

די היים שפּילט זעהר א גרויסע און וויכטיגע ראָלע אין דער ערציהונג פון קינדער. די ערשטע ערפאַהרונג און פארשטעלונגען וועגען דער וועלט באַקומען קינדער אונטער'ן דאך פון זייער טאַטע־מאַמע. די קינדער האָדעווען זיך פריהער פון אַלץ אויפ'ן שויס פון דער מאַמע, וועלכע דערציילט זיי מעשה'לאך, ענטפערט אויף די פראַגען וואָס ענטשטייען אין זייערע יונגע קעפּאַלאך, און זינגען זיי לידער ביים אנשלאָפען ווערען.

די היים איז זאָגאר א גרויסער פאקטאָר אין דער ערציהונג נאָכ־דעם ווי די קינדער גייען אין שול. די היים באאיינפלוסט זייער לעבען דורך דער גאַנצער יוגענד און האָדאָוואַניע.

די ראַדיקאַלען האָבען עס ביז איצט ניט פארשטאַנען. אפילו די מער ענטוויקעלטע און אויפגעקלערטע האָבען עס ווייניג וואָס באגריפען. פון דער אנדערער זייט זיינען די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע באַדינגונגען פון מייסטע מענשען אזעלכע, אז זיי קענען זיך פיל ניט אָפּגעבען מיט דער היים, ווען אפילו זיי זאָלען איינזען, אז עס איז א לעבענס־נויטווענדיגקייט פאר זייערע קינדער צו וואוינען אין שעהנע, אנגענעהמע און אָנציהענדע היימען.

דאָס רוב וואוינען אָרעמע מענשען אין ענגע און טונקעלע הייזער, וואָס זיינען אין פילע פאַלען ניט פּריוואַט, מיט שכנים אָנגעפּאַקט. די היימען פארמאָגען ניט קיין פּאַסענדע בילדער אויף די ווענט, קיינע ביכער, קיין געשמאַקפולע מעבעל געפינט זיך דאָרט ניט. און די הויזווירטשאַפט ווערט געפירט אָהן אַן אָרדנונג און אַלעס איז אונ־עסטעטיש, געשמאַקלאָז אויסגעשטעלט.

דאָס ווירקט זעלבסטפארשטענדליך זעהר שטאַרק אויף דער פאָרשטעלונגס קראַפט און שפּילענדער פאַנטאַזיע פון קינדער.

עס איז אין די אַמעריקאַנער שולען געמאַכט געוואָרען א שטו־דיום וועגען די פעהיגקייטען פון קינדער אין זייער לערנען, ד. ה.

# מאָדערנע קינד־ער ערציהונג

וועלכע קינדער לערנען זיך בעסער און וועלכע ערגער. האָט מען אויסגע־פונען, אַז די קינדער וועמעס עלטערן פאַרדינען מעהר, זיינען בעסער אין לערנען, קענען מעהר ווי די אַנדערע. אָבער דאָס איז בלויז דאַן, ווען דער איינקונפט קומט בלויז פון די פאַרדינסטען פון טאַטען, ווייל ווען נאָר דער טאַטע פאַרדינט אַ סך, קען זיך די פאַמיליע מעהר אָבגעבען מיט שאַפען אַ גינסטיגע היים, מיט אַ גוטער אומגעבונג פאַר די קינדער. אָבער ווען אַ פרוי דאַרף אויך צו־העלפען צו דער פרנסה האָט זי שוין קיין צייט ניט צו באַזאָרגען דאָס הויז, אָבצוגעבען זאַך מיט די קינדער, און דער רעזולטאַט דערפון איז: שלעכט ערצויגענע קינדער.

די אַלטע פאַרגאַנגענע דורות האָבען געגעבען זייערע קינדער אַ היים־אַטמאָספערע. דאָס פאַמיליען לעבען איז דאַן געווען גאַנצער, די היים זיכערער; עפּעס פּאַעטישעס האָט געשוועבט אין די ד' אַמות פון דער פאַרצייטיגער אידישער היים.

דער זיידע מיט דער גמרא און די באָבע מיט'ן טייטש חומש זיינען געווען די קוואַלען פון וואַנען די אייניקלאַך פלעגען שעפּען פּאָעזיע און שיינהייט פאַר זייערע נשמות, רייכען מאַטעריאַל פאַר זייערע קינדערשע פאַנטאַזיעס און שטאָלץ און אויסגעהאַלטענהייט פאַר דעם אויסבילדען פון דעם כאַראַקטער.

דן אַלטע שטוב, מיט די יומים־טובים און שבתים האָט שטאַרק באַאיינפלוסט די האָדאָוואַניע פון קינדער, האָט זייערע הערצער איינ־געהילט אין הייליגקייט און ערענהאַפטיגקייט. פאַר דער רעליגיעזער קינדער־ערציהונג פון דער פאַרגאַנגענהייט איז די פרומע היים געווען אַ גרויסע שטיצע און האָט באַרייכערט און פולער געמאַכט דעם אונ־טעררינכט אין די חדרים און ישיבות.

היינט איז עס ניט אַזוי. די יעצטיגע עקאָנאָמישע אומשטענדען מאַכען אין אַ סך פאַלען אונמעגלאַך די גאַנצקייט און די צופרידענהייט פון דער פאַמיליע. דעם טאַטען און דער מאַמען ליגט אָפט ניט אין קאָפּ אָפּגעבען זאַך מיט פאַרפיינערען, פאַראיידעלערען די היים אַט־מאָספערע. אַחוץ דעם גיבען זאַך טאַקע די עלטערן היינט ווייניג וואָס אָפּ מיט דער ערציהונג פון קינדער. ווען די מער באוואוסטזיניגע און דענקענדע מענשען וואָלטען זאַך ווירקלאַך פאַרטראַכט וועגען זייע־רע קינדער, ווען זיי וואָלטען זאַך געזאָרגט וועגען דעם צוקונפטיגען שיקזאַל פון זייערע זין און טעכטער, וואָלט מען דאַך געקענט אויס־

בעסערען די היינטיגע היים באַדינגונגען, זיי זאָלען לכל הפחות ניט פאַרדאַרבען די נשמות און ניט פאַרטעמפּען די אינערליכע געפילען זייערע.

גראָדע די ראַדיקאַלען און פרייהייטס ליבענדע מענשען, וועלכע באַזיצען דעם אידעאַל פון אַ בעסערער צוקונפטיגער געזעלשאַפט, דאַרפען און קענען געבען אַ בעסערע ערציהונג זייערע קינדער, שוין מיט דעם אַליין וואָס זיי וואָלטען זאַך מיט זיי פאַראינטערעסירט. דער אמת איז דאָך, אַז זעהר וויינינגע נעמען זאַך די צייט און די מיה פאַר דעם, כאָטש קינדער נויטיגען זאַך זעהר פיל מען זאָל מיט זיי זאַך פאַרנעמען, מען זאָל זאַך מיט זיי אָפּגעבען און באָאָבאַכטען זייערע האַנדלונגען.

ווען טאַטע־מאַמע הויבען זאַך נאָר אָן אָפּצוגעבען מיט קינדער ערציהונג זעהען זיי גלייך איין, אַז ווען די הויז איז ריין אויפגעפּוצט, אַלעס איז אין אָרדנונג, אויסגעשטעלט האַרמאָניש, ווירקט עס גוט אויף קינדער. אפילו אונטער געוויינליכע אָרעמע באַדינגונגען קען מען שאַפען אַ מער אָדער וויינינגער אַנגענעמענע אַטמאָספערע.

עס איז דאָך אַ בעוואוסטער פאַקט, אַז מאַנכע גאַנץ רייכע מענשען זיינען ניט פעהיג צו שאַפען קיין גינסטיגע היים אַטמאָספערע פאַר זייערע קינדער. זיי האָבען ניט קיין געשמאַק, קיין אַנונג פאַר שעהנעס און איידעלעס. די באַלעבאַטישקייט אין שטוב קען קאָסטען טייער, עס איז אָבער אונהאַרמאָניש אויסגעשטעלט און עס איז גראָב און אונאַנגענעם זיך צו ווענדען און קערען.

דאָס צייגט, אַלזאָ, אַז ניט נאָר מעגליכקייטען, ניט נאָר עקאָנאָמישע אומשטענדען זיינען פאַראַנטוואָרטליך פאַר די שלעכטע היים־באַדינגונגען, זאָנדערען עס פעלט קענטניש און באָאָבאַכטונג.

די געלערנטע אויף דיזען געביט האָבען שוין אַנערקענט אָט דעם גרויסען איינפלוס פון דער היים אַטמאָספערע אויף קינדער. מען בויט די נייע שול־געביידען לויט דעם מאָדעל פון וואוינונגען, כדי עס זאָל זאַך ניט פיהלען קיין גרויסער אונטערשייד צווישען היים און שול.

די מאָנטעסאָרי סיסטעם פון ערציהונג האָט זאַך אָנגעפאַנגען אין איטאַליען אין די „היים שולען“, אין די מאָדעל וואוינונגען פון רוים, וואָס זיינען געבויט געוואָרען מיט די נייעסטע באַקוועמליכקייטען און עס איז ביליג פאַרדונגען געוואָרען צו אָרעמע איינוואוינער. — אָט

דאָרט איז עס געלייגט געוואָרען דער פונדאמענט פון דער מאָדערנס־טער און נייעסטער פאָרם פון קינדער שולען.

אין אַלע אנדערע לענדער קען אויך דאָס זעלבע געטאָן ווערען. מען קען אומעדום איינריכטען מאָדעל הייזער אנשטאט שטיקענדע טענעמענטס, וואָס זיינען סם המות פאר קינדער. ווארים הייזער געבויט מיט ליכטיגע, לופטיגע, גראמע און פריוואטע וואוינונגען, פארדונגען צו שכנים פאר ביליג ווי אין רוים, מיט מאָדערנע שולען אויפגעעפענט, וואו קליינע קינדער זאָלען ערצויגען ווערען פון צוויי אָדער דריי יאָהר אָן און ניט דארפען אָפּגעריסען ווערען אין דער אייגע־נער צייט פון דער היים וואָלט פיל געווירקט אויף דער ערציהונג פון קינדער, ווייל ניט נאָר איז דאַן די היים און די שול אין איין הויז, זאָנדערען די מאַמעס קענען אריינקומען און אַ קוק טאָן אויף די קינדער, און באגעגענען זאַך איינע מיט די אנדערענס בליקען.

דערווייל איז אזא זאַך דאָ אין לאנד אַ חלום. די היים דארף אויך זיין די שול פאר'ן קינד, ביז וואנען עס וואקסט אויס און הויבט אָן צו גיין אין שול און אויך שפּעטער צו פארפאָלקאָמען און פולער מאכען די ערציהונג, וואָס דאָס קינד קריגט אין שול. ערציהונג מיינט ניט נאָר לערנען מיט'ן קינד געגענשטאנדען, ערציהונג הייסט מייס־טענס, נאָך דעם מאָדערנעם פּעדאַגאָגישען באגריף, די שאפונג פון אַן אומגעבונג, פון אַ סביבה וואָס ווירקט אויפ'ן קינד, באאיינפלוסט און רופט אין קינד ארויס זעלבסט אקטיוויטעט.

עס זיינען פאראַן אַזוינע טאַטע־מאַמע וואָס צופּיעסטשען זייער קינד שוין צופיל, עס זאָל קיין זאַך ניט טאָן. מען טוט עס אָן און אויס און מען טראָגט עס אויף די הענט פון איין אָרט אויפ'ן אנדערען. אזא באַנעמען זיך איז אזוי שעדליך פאר דער ערציהונג פון אַ קינד, ווי ווען עס ווערט אין גאַנצען פארנאכלעסיגט. טאָן אַלעס פאר אַ קינד, ניט דערלאָזען אַז דאָס קינד זאָל זאַך אַליין ענטוויקלען, זאָל געווינען דעם קאָנטראָל איבער די אייגענע באַוועגונגען און טהאטען איז אזוי שלעכט ווי ווען מען קוקט זאַך אין גאַנצען ניט אום אויפ'ן קינד. דאָס קינד ענטוויקעלט זאַך דאַן ווילד און אונקאָנטראָלירבאַר.

דאָס מאַכט נויטווענדיג אַז ניט נאָר זאָלען עלטערן פאַרשטעהן ווי ארומצוגעהן ארום אַ קינד נאָר אַז די אומגעבונג אין וועלכער עס קומט אויס דאָס קינד צו לעבען זאָל ארויסרופען ביי אים הארמאָנישע ניי־

גונגען און האנדלונגען, עסטעטישע און מאָראַלישע געפילען און פאַר־לאַנגען. צו דיזען צוועק דאַרף די היים זיין אויסגעשטאַטעט האַרמאָ־ניש, שעהן און פּראָפּאָרציאָנעל.

די גאַנצקייט און פרידליכקייט פון דער פאַמיליע שפּיגעלט זיך אָפּ אויף דער נשמה פון די קינדער. זייער גאַנצער צוקונפטיגער לעבען איז מיט טויזענדער פעדים פאַרקניפּט און פאַרבונדען מיט די היים אי־בערלעבונגען אין די קינדער יאָרען. די גייסטיגע אַטמאָספערע פון דער היים איבט דערפאַר אויס אַ זעהר גרויסע ווירקונג אויף דער ערציהונג פון קינדער.

די אַנדערע געזעלשאַפטליכע קלאַסען האָבען צו הילף גענומען דעם רב, דעם גלח, די שול, דעם קלייסטער, וואָס בעאיינפלוסען זייערע קינדער. אָבער מיר מוזען זעלבסט דערנעהענטערען די קינדער צו אונז. מיר קאָנען אין די קינדער ניט איינפלאַנצען די אַנשויאונגען פון אונז דערוואָקסענע כל זמן זיי זיינען קליין, אָבער מיר דאַרפען אין זיי אויפ־וועקען די כחות, מיר דאַרפען אין זיי ארויסרופען אַן אינטערעס צו אונזער אַרט דענקען, כדי זיי זאָלען דערנאָך וועלען אונז פאַרשטיין און טיילען זיך מיט אונזערע פריידען און ליידען. מיר קענען דאָס באין אופן ניט טאָן דורך פאַרנאַכלעסיגען די היים, נאָר אי זגעגענטייל, דורך דעם וואָס מיר מאַכען די היים וואָס אינטערעסאַנטער, וואָס אינ־האַלטסרייכער און וואָס גייסטרייכער.

מיט דער היים איז זעהר שטאַרק פאַרבונדען די מאַמע. זי איז אין דער היים אַטמאָספערע דער וויכטיגסטער פאַקטאָר. די פרוי האָט אין דער פאַרגאַנגענהייט זעהר פיל באַאיינפלוסט דאָס קינד און אין דער געגענוואַרט איז איהר ווירקונג, מיט געוויסע אויסנאַמען, ניט איבערגעריסען געוואָרען. פאַרקערט, וואָס בעסער עס ווערט די עקאָנאָמישע לאַגע פון מאַן, און וואָס ווייניגער די פרוי דאַרף העלפען דעם מאַן אין פרנסה, ווערט איהר איינפלוס אויף דער ערציהונג פון קינד אַלץ אויסגעברייטערט.

„דאָס קראַנקע אינגעל" ביי י. ל. פּרץ זאָגט צו דער מאַמען:

„מיינסט, איך האָב דעם טאַטען ווייניגער ליב... זאָל גאָט היטען... איך האָב דעם טאַטען זעהר ליב, איך קריג אים מיט יעדען טאָג, מיט יעדער מינוט ליבער... אז ער גייט צו מיר צו, קלאַפּט מיר דאָס האַרץ פאַר פרייד, ציטערט אין מיר די נשמה פאַר האָפנונג: אָט וועט ער

מיר אָננעמען ביי דער האַנד, אָט וועט ער מיך צודריקען צום האַרץ... ביי דיר ציטער איך נישט... דו האָסט מיך שטענדיג און גלייך ליב... האָסט שטענדיג צו מיר צייט, דו האַלזט מיך און קושסט מיך יעדע מינוט... דו ביסט שטענדיג, שטענדיג מיין... דער טאַטע האָט אַזוי פיל געשעפטען...“

אָט דיזער פסיכאָלאָגישער אונטערשייד פון טאַטען ביז דער מאַמען עקזיסטירט נאָך היינט צו טאָג. די מאַמע האָט מער צייט, איז נאַטירליכערווייזע מער צוגעבונדען צום קינד ווי דער טאַטע. די פרוי איז אָבער געוויינליך גייסטיג ווייניגער ענטוויקעלט ווי דער מאַן, און דאָס שאַפט טאַקע איינע פון די שווערסטע און אונאַנגענעמסטע פּראָבלעמען אין דער קינדער ערציהונג. פרויען זיינען דאָס רוב נאָך אַלץ עגאָאיסטיש, קליינלאַך, אונוויסענד, באַגרענעצט און געזעלשאַפטליך הינטערשטעליג. זיי זיינען באַאיינפלוסט פון אַלטע טראַדיציאָנען און וואָכעדיגע אינטערעסען. אין דער פאַרגאַנגענהייט, האָט מען דאָך דער אידישער פרוי געהאַלטען מיט טויזענדער שלעסער אָבגעשלאָסען פון לעבען, דערווייטערט פון קוואַל פון וויסענשאַפט און אמת.

עס איז דערפאַר דרינגענד וויכטיג אַז די פרויען זאָלען זיך פאַראייניגען אין קלאָבען, כדי צו שטודירען די פראַגע פון קינדער ערציהונג. זיי דאַרפען זען זאַך דערהויבען צו אַ העכערער שטופע פון ענטוויקלונג. דאָס מיינט ניט דורכאויס, אַז זיי דאַרפען זאַך אוועקזעצען לערנען שפּראַכען און וויסענשאַפטען. געוויס איז אַזיינס ניט איבעריג, אָבער וואָס מיר מיינען איז, דאָס מאַמעס זאָלען זיך באַקענען מיט די איינפאַכע פאַקטען פון די קערפּערליכע און גייסטיגע אייגענשאַפטען פון קינדער. דאָס וויכטיגסטע פון אַלעס איז, זיי זאָלען זעלבסט ווערען מעהר דענקענד און זעלבסטשטענדיגע מענשען.

דער בערימטעסטער פראַנצויזישער שריפטשטעלער פון דער היינטיגער צייט, ראָמיין ראָללאַן, האָט אין זיין „זשאַן קריסטאָף“ בעוויזען, וואָס פאַר אַ גוואַלדיג גרויסען איינפלוס די איינפאַכע אָבער גוט האַרציגע מאַמע האָט געהאַט אויף'ן געניאַלען קינסטלער און אמת זוכער, קריסטאָף, זיין גאַנץ לעבען.

די פרויען מוזען אָבער אויך אין די אויגען פון דער געזעלשאַפט אַנערקענט ווערען אַלס גלייכע מיטגלידער. די מענער דאַרפען זיך צו זיי באַציהען מיט מער רעספּעקט און ערע. מיר דאַרפען תמיד

# מאָדערנע קינדער ערציהונג.

האָבען אין זינען, אז כל זמן מיר אנערקענען זיי ניט פאר קיין פאָלקאָם גלייכע, קענען זיי זיך זעלבסט ניט דערהויבען צו קיין העכערער מדרגה און קענען אויף קיין אופן ניט זיין קיין גוטע ערציהער פון אונזערע קינדער.

די פרוי און דער מאַן, ביידע, פאַרקערפּערען אין זיך די גייסטיגע אטמאָספערע פון דער היים. זייערע פארהעלטניסען איינע צו די אנדערע באאיינפלוסען די קינדער. די ווערטער וואָס ווערען אין דער היים באנוצט, די ליטעראטור וואָס ווערט געלעזען, די פאַקטען וואָס ווערען דערמאָנט, די פריינד וואָס באזוכען די הויז — דאָס אַלעס זיינען גייסטיגע שפּייז פאר דער נשמה פון קינד.

מערקווירדיג! דאָס ווערט אזוי ווייניג גענומען אין אנבאטראכט. מער ענטוויקעלטע מענשען דארפען תמיד האָבען אין זינען, אז די היים זייערע דארף, פריהער פון אַלעס, זיין געבויט פאר דער פיזישער און גייסטיגער ערהויבונג פון זייערע קינדער.

די אידישע טאטע־מאמע פון אַלטען דור האָבען פארנאכלעסיגט די קערפּערליכע ערציהונג צוליב דער גייסטיגער, אָדער בעסער געזאָגט, צוליב דער רעליגיעזער. דער סוף איז שטענדיג געווען, אז ביידע האָבען שטארק געליטען. א אידיש קינד האָט ניט געטאָרט געניסען פון דער נאַטור, גיין אין וואלד איז געווען א זינד, שפּילען זאַך מיט טויבען, גיין צום וואסער און איינקוקען זיך אויף די לויפענדע כוואַ־ליען—אַן עברה. דאָס פלעגט אויטלעשען די געטליכע פונקען נאָך שיינהייט און נאַטור אנטציקונג אין די קינדער הערצער. דאָס גייס־טיגע שטרעבען פון אידישע קינדער פלעגט פאַראָרעמט ווערען.

מיר טוען אָבער פונקט דאָסזעלבע, ווען מיר שאַפען גאָרנישט פאר דער היים. מיר זיינען שוין געקומען צו דער פארשטענדניש, אז די נאַטור איז וויכטיג פאר דער ערציהונג פון קינדער, מיר דאַרפען אָבער באַטראַכטען די היים אַלס א הייליגקייט, אַלס א טעמפעל וואו עס ווערען געבוירען און עס האָדעווען זיך קינדער — די דורות פון אונזערע האָפנונגען.



.2

# פעהיגקייטען און נייגונגען פון קינדער.

וואָס ווילען מיר אונזערע קינדער זאָלען אויסוואקסען ? דאָס איז אין גרונט גענומען א גאַנץ הארבע פראַגע. אַן אמאָליגער איד האָט עס גאַנץ לייכט געקענט פאַרענטפערען. דאָס לעבען זיינס איז געווען איינפאַך; זיינע באַגריפען פשוטע; זיין וועלטעל א בעגרענעצטע. האָט ער דאָס פּראָבּלעם איינגעפּאַסט אין די ראַמען פון זיין אייגענעם איך. ער האָט קלאָר געוואוסט וואָס ער וויל און האָט זיינע אנשויאונגען איינגעפלאַנצט אין די קינדער.

דער מאָדערנער מענש, באַזונדערס דער איד פון יונגען דור, האָט א סך אנשויאונגען, זיין וועלט איז א פילפּאכע, א פערשידענאַרטיגע. זיין „איך" פאַרקערפּערט אין זיך שטרייטענדע, ניט זעלטען ווידער־שפּרעכענדע פאַרלאַנגען, וואונשען און געפילען. ער ווייסט אָפט אליין ניט קלאָר זיין אינערליכען לעבען, וואָס שטראָמט אזוי רעשיג און פעסט. און דערפאַר איז אים אזוי שווער צו פאַרענטפערן זיין וואונש בנוגע דער ערציהונג פון זיינע קינדער.

דער מאָדערנער מענש איז דאָך נאָך אינגאַנצען ניט באַפרייט געוואָרען פון די אַלטע, פאַרשימעלטע אָבגעלעבטע דורות. ער טראָגט נאָך אין זיין באַוואוסטזיין, אין זיין אַרט דענקען געוויסע טראַדיציאנעלע מאָך פון פאַרצייטען, הויפּטזאַכליך טאַקע בנוגע קינדער ערציהונג. דאָס איז דאָך א קאָמפּליצירטע פראַגע. דאָס פאָדערט דאָך מארך, אַרבעט און מיה; טאָ צו וואָס זיך אנשטרייגנגען, צו וואָס טראָגען אויף זיך אזא פאַראַנטוואָרטליכקייט ? אמת איז, אז היינטיגע טאַטע־מאַמע פילען, אז דאָס קינד דאַרף בעסער ערצויגען ווערען, אָבער די מורא פאַר דער אחריות, זיי זאָלען, חלילה, דאַרפען זאָרגען פאַר דער קערפּערליכער און גייסטיגער ענטוויקלונג פון דעם קינד, לאָזען טאַקע איינינגע לי־בערשט איבער ביים אַלטען, ווי די טאַטעס, זיידעס און עלטער זיידעס האָבען געטאָן.

דאָס רוב אָבער דריקען מאַנכע ענטוויקעלטע מענשען אויס מער אָדער ווייניגער א געוויסען פאַרלאַנג, בנוגע דעם, וואָס זייערע קינדער זאָלען אויסוואקסען. איינינגע טאַטע־מאַמע געפעלט פּידעל־שפּילען,

אנדערע האָבען חשק צו מעדיצין, אָדער צו מאַלעריי, שטרייננגען זיי אָן אַלע זייערע כחות, אַז די קינדער זאָלען זיך עס נאָר לערנען; פארשוועג־דען אויף דעם אַ סך געלד, און ווערען מערסטען טייל אנטוישט. די קינ־דער ווערען ניט קיין טאַלאַנטען און ווירקליכע פּראָפעסיאָנאַלען, און די עלטערען הערען אויף צו גלויבען אין דער מעגליכקייט פון קענען ערציהען קינדער.

די הויפט שוועריגקייט אין דער קינדער ערציהונג איז דאָס, וואָס מען פארשטייט ניט דאָס קינד. דער אמת איז, אַז פון אַ פּעדאַ־גאָגישען שטאַנדפּונקט קען מען אין פאָראויס ניט בעשטימען וואָס מען זאָל וועלען קינדער זאָלען אויסוואַקסען. בכלל, וויל דאָך יעדער, אַז זיינע קינדער זאָלען זיין גוטע, געזונטע, וואוילקענענדע און ערענ־האַפטיגע. די צרה איז נאָר, וואָס מען באַטראַכט און מען ערציהט די קינדער פון שטאַנדפּונקט פון דערוואַקסענע, און דאָס איז דער ה ו י פּ ט איבעל אין קינדער ערציהונג.

די עפענטליכע צוואַנגס שולען, אויף דער אַנדערער זייט, וועלכע־דיג באַהערשט פון די אנשויאונגען, אַז לערער און דערוואַקסענע קענען ארויפצווינגען אויף קינדער זייער גייסט און זייערע פאַרלאַנגען, לערנען אַלע קינדער איינע און דיזעלבע געגענשטאַנדען, אויף איינעם און דעמזעלבען שטייגער, לויט איין איינציג צוגעשניטענעם פּלאַן.

די היים און די שול נעמט דערוויייל נאָך ניט אין אַנבעטראַכט, אַז יעדעס קינד איז אַ באַזונדערעס קליינע וועלטעלע, יעדעס קינד האָט איינגענע אינערליכע כחות און קרעפטען וואָס דאַרפען ערשט ארויס־געבראַכט און אנטוויקעלט ווערען אין פאַרלויף פון דער צייט פון וואַקסען.

דאָס קינד קען גאָר זיין פעהיג צו מאַלעריי, ווערענד דער וואונש פון טאַטע־מאַמע איז גאָר ער זאָל ווערען אַ פידעל־שפּיעלער. און די מיה און כחות וואָס מען וואַרפט ארויס אויף צו לערנען פידעל־שפּיעלען, טויט אָפּ ביסלאַכווייז ביים קינד דעם נאַטירליען טאַלאַנט צו מאָלען.

די לערער וועלכע צווינגען אַ קינד צו קענען נאָר גוט רעכענען, כאָטש דעם קינד׳ס פאַנטאַזיע שוועבט גאָר אין די וועלטען פון פאַר־גאַנגענע דורות, דערלאָזען ניט דאָס קינד זיך צו אנטוויקלען צום נאַטירליכען באַרוף, מעגליך, פון אַ היסטאָריקער.

ווען מיר שטעלען זיך די פראגע: וואָס ווילען מיר אונזערע קינדער זאָלען אויסוואקסען? מוזען מיר עס פארשטיין היינט צו טאָג אין אַן אַנדער ליכט, ווי מען האָט עס אַמאָל פארשטאַנען. פריער פון אַלעם מוזען מיר נעמען אין אַנבאַטראַכט דאָס קינד, מיט אַלע זיינע פיזישע און גייסטיגע מעגליכקייטען, מיט דער אומגעבונג וואָס רינגעלט אים ארום; מיט דער היים אין וועלכער ער וואוינט; מיט דער מאַמען וואָס האָט זיין וויגעלע געוויגט.

אין דער מאָדערנער וויסענשאַפטליכער ערציהונג רעכענט מען זיך מיט קינדער ווי מיט אַ באַזונדער וועלט, און מיט יעדעס קינד, ווי מיט אַן אייגענאַרטיגען פאַקטאָר.

צוליב דעם וואָס דאָס אַלגעמיינע מענשליכע לעבען איז אַזוי פילפאַכיג, ברייט און גרויס, האָט מען אָנגעפאַנגען צו פארשטיין, אַז ווען מען אַנטוויקעלט די פעהיגקייטען פון יעדעס קינד אויף אַ נאַר־מאַלען און געזונדען אופן, קען עס אויסוואַקסען אַלס נוצליכער און וויכטיגער מענש פון דער געזעלשאַפט.

די אַלטע טראַדיציאָנעלע ערציהונג, וואָס ווערט נאָך ליידער יעצט פּראַקטיצירט כמעט אין אַלע שולען און היימען, האָט ניט צוגעלאָזען אַז די קינדער זאָלען זיך פריי ענטוויקלען, און איז ניט געווען ביכולת ארויסצוברייינגען דאָס גרויסע און שעהנע פון דער יוגענד.

.3

## קערפּערליכער און גייסטיגער וואוקס פון קינדער.

היינט צו טאָג באַטראַכטען מיר אַ קינד פון וויסענשאַפטליכען שטאַנדפּונקט. מיר געפינען אויס, אַז דער קאָפּ, צום ביישפּיעל, ביי אַ יונגינקען קינד איז פיל גרעסערע, פאַרהעלטענסמעסיג, צום קערפּער, ווי ביי אַ דערוואַקסענעם. זיין מאַרך איז ניט ענטוויקעלט, זיינע חושים ניט ערצויגען. ער זעהט, הערט און באַריהרט אַנדערש די וועלט און די זאכען אויף דער וועלט ווי מיר.

דאָס קינד ענדערט זיך מיט די יאָהרען. די אורזאַכע פון דעם איז, ערשטענס, ערפאַרונג און וואַקסען, ד. ה. וואָס עלטער אַ קינד ווערט אַלץ מעהר ענטוויקעלט עס זיך און זאַמעלט אָן ערפאַהרונ־

געָן; און צווייטענס, קומט פאָר מיט די יאָרען א פארענדערונג אין קינד'ס קערפּער. דורך באוועגונגען ווערען די הענט און פיס מיט דער צייט גרעסער און דער קאָפּ קלענער.

ארום 12 יאָהר, טרעפט זאך, א קינד הייבט זיך אָן ניט אזוי גוט צו לערנען אין שול. טאטע מאמע מיינען, דאָס קינד פוילט זיך אונטער, ווען אין דער אמת'ן, איז אין דעם פאראנטוואָרטליך דאָס וואָס דער קאָפּ איז קלענער געוואָרען אין פארגלייך צו די אנדערע גלי־דער, און עס איז שווערער ווי פריער צו געדענקען. ווען מען וואָלט אין די שולען ניט געזוכט בלויז צו אנטוויקלען דעם זכרון, וואָלט דער קער־פּערליכער וואוקס וואָס ברייננגט צו אזא גרויסער פארענדערונג פון די גלידער ניט אזוי פיל געשאדט און ניט אָפּגעשטעלט די ערציהונג פון קינד.

דאָס זעלבע פּאסירט אָפט, אז א קינד לערענט זיך ניט גוט, פּשוט ווייל עס ליידעט קערפּערליך. וואָס מען דארף טאָהן אין אזא פאל איז, זעהן אז דאָס קינד זאָל וואָס שנעלער געזונט ווערען און אראָפּראמען די שטיינער וואָס ליגען אויפ'ן וועג פון זיין אנטוויקלונג.

די פראגע: וואָס קומט פאָר אין דעם פּראָצעס פון קינד'ס וואקסען? איז זעהר א אינטערעסאנטע. יעדער טאטע־מאמע דארף זיך עס שטע־לען און א סך וועגען דעם נאָכדענקען. ווייל בלויז מיט דעם, וואָס מען הויבט זיך אָן צו זאָרגען וועגען דעם צוקונפטיגען דור, איז שוין זעהר א גרויסער פּאָרטשריט. מען טאָר דעם ישיקזאל פון דער יוגענד בשום אופן ניט איבערלאָזען אויף הפקר, הויפּטזעכליך ווען עס וואקסט קערפּערליך און גייסטיג.

א באזונדערע פליכט ליגט אויף דער מאמע צו אָנפאנגען די ערציהונג נאָך אין קינד'ס וויגעלע. דער אמת איז, אז די ערציהונג פאנגט זיך אָן גלייך ווי דאָס קינד ווערט געבוירען. דאָס ווערטעל: „די האנט וואָס וויגט די וויגעל איז די האנט וואָס רעגיערט די וועלט" אנטהאלט אין זיך א סך, א סך אמת און צייגט אָן אויף דעם חוב פון דער פרוי.

אין די ערשטע זעקס יאָהר בילד'עט זיך אויס דער כאראקטער, די נייגונגען פון קינד. און געראדע דיזע צייט, די וויכטיגסטע אינ'ם קינד'ס לעבען, ווערט געוויינליך איננאנצען פארנאכלעסיגט.

כּדי צו ערציהען דאָס קינד אין די סאַמע יונגע יאָהרען, דאַרף מען תמיד אין זינען האָבען הויפּטזעכליך דאָס גליק פון'ם קינד, זיינע כחות, פעהיגקייטען און מעגליכקייטען דאַרפען באַשטימען, וואָס ער זאָל טאָן אויף דער וועלט, ד. ה. מיר מוזען זיך צופּאַסען צום קינד'ס פאַרלאַנגען, וואונשען און באַדערפנונגען. מיר דאַרפען אויך זעהן, אז דאָס קינד זאָל זיך קענען פיזיש אַנטוויקלען אזוי גוט ווי גייסטיג, און אויך זעהן אז די היים זאָל זיין אַ פרייע, לופטיגע, ליכטיגע. דאָס קינד זאָל קענען געניסען פון נאַטירליכע באַקוועמליכקייטען. מען באַדאַרף ניט באַלעסטיגען אַ קינד מיט זאכען, וואָס עס קען ניט באַגרייפען, מיט פּי־זישע באַוועגונגען, וואָס עס איז צו שווער פאַר'ן יונגען קערפּערל, ווייל דאָס קען שטערען דעם נאַטירליכען וואוקס פון קינד.

עס איז די פליכט פון טאַטע־מאַמע, זיי זאָלען זען אַז דאָס קינד זאָל גייסטיג קיינמאָל ניט אַריבּערוואַקסען. אַ צו שנעלער גייסטיגער ענטוויקלען פון קינד, שאַדט דעם קערפּערליכען וואוקס, וואָס רופט שפּעטער במילא שלעכט זאַך אָב אויך אויף דער גייסטיגער האַדאָוואַניע.

די היימען דאַרפען זיין אויך די שולען פאַר די קליינע קינדער. איידער זיי גייען ערגעץ אַנדערש לערנען און דערנאָך אויסהעלפען און פאַרבּרייטער'ן דאָס לערנען אין די שולען.

4.

## געשיכטע פון מאָדערנער קינדער־ערציהונג

דער קאַמף פאַר אַ נאַטירליכער און בעסערער מעטאָדע פון קינדער ערציהונג איז ניט קיין נייער. עס איז אַ פאַקט, אַז שוין אין זיבּעצענ־טען יאָר הונדערט זיינען פאַרזייט געוואָרען די ערשטע קערנער פון דעם מאָדערנעם געדאַנק וועגען קינדער ערציהונג. די וויסענשאַפט איז רייך מיט גרויסע נעמען און אונמידליכע טוער און קעמפער פאַר דעם אידעאַל פון אַ בעסערער קינדער ערציהונג ווי: לאָק, רוסאָ, דער איד פּעריאַרא, ספּענסער, סעגווין, איטאַרד פּאָסטאַלעצי, פראָבעל, מאַריע מאָנטאַסארי, פראַנציסקאָ פעררער, מיעד און דשאָהן דואי.

דשאָהן לאָק האָט נאָך אין דעם זיבּעצענטען יאָהר הונדערט ער־קלעהרט: „עס איז ניטאָ קיין גרעסערע אונטערשיידען אין דעם אויס־זעהן אָדער אין די פּנימ'ער פון מענשען, איידער אין זייערע טעמפּעַ־ראַמענטען און געדאַנקען.“

ער האָט שוין דאַן פאַרשטאַנען, אַז ניט נאָר אויסערליך, נאָר אויך אינערליך זיינען מענשען פערשיעדענאַרטיג, בעזאנדערס איז עס אַ קינד. און כאָטש ער האָט אין אַנבאַטראַכט גענומען די פיזישע ווי די גייסטיגע ענטוויקלונג, האָט ער דאָך געהאַלטען, אַז נשמה איז אַ בעזונדערע זאַך פון גוף, און האָט הויפּטזעכליך גענומען אין אַנבע־טראַכט די ערציהונג פון די אינערליכע גייסטיגע קרעפטען פון קינדער.

לאָק האָט אָבער געלייגט דעם ווינקעלשטיין פון דער מאָדערנער ערציהונג, ניט נאָר מיט דעם וואָס ער האָט פאַרשטאַנען אַז ניט אַלע קינדער זיינען גלייך, אַז יעדעס איינציגע קינד אונטערשיידט זיך פון דעם אַנדערען קינד, נאָר דערפאַר וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז דער שכל ענטוויקעלט זאַך פון די איינדריקע און עמפינדונגען, וואָס דאָס קינד קריגט פון דער א ו י ס ע ר ל י כ ע ר וועלט דורך די חושים.

לאָק זעלבסט האָט ניט פעסטגעשטעלט די נויטווענדיגקייט צו ענטוויקלען אום אַלעס ערשטען די זינליכע וועלט פון קינדער. יע־דענפאַלס האָט ער אזוי ניט ערקלעהרט; אָבער די ווייטערדיגע גע־לערטע און דענקער האָבען געטריבען די מאָדערנע ערציהונג אויף די ליניען וואָס ער האָט אָנגעצייגט.

דער שפּאַנישער איד, פּרעירא, איז געוועזן דער ערשטער וועלכער האָט זאַך פאַרנומען מיט לערנען טויב־שטומע. ער איז אַוועק קיין פראַנקרייך און דאָרט פאַר דעם צוועק אַ שול געעפענט.

ער האָט זאַך אין אָנפאַנג פאַראינטערעסירט מיט אַ טויב־שטומער מיידעלע, וועלכער ער האָט אַוועקגעגעבען אַ סך פון זיין צייט און מיה און וועלכע ער האָט ענדליך געמאַכט רעדעוודיג. דערנאָך האָט ער אַ שול געעפענט, און איז געוועזן זעהר ערפאָלגרייך. דער קעניג פון פראַנקרייך, לואי דער 15טער האָט זיך אזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט זיין אַרבייט, דאָס ער האָט פאַר איהם באַשטימט אַ יערליכע פענסיע. פּערעירא האָט דאַן געעפענט אַ פרייע שול פאַר טויב־שטומע. ער האָט אויך געשאַפען אַן אייגענעם אַפּאַראַט, וואָס איז צום באַ־דויערען פאַרניכטעט געוואָרען, און די וועלט קאָן זאַך ליידער מיט זיין מעטאָדע ניט באַנוצען. בכלל איז, צוליב אונפאַרשטענדליכע טעמים, זעהר ווייניג געבליבען פון זיין סיסטעם. דורך דער פלייסיגער אויס־פאָרשונג פון סעגווין, ווייס מען איצט אַז יעקב ראָדריגיעז פּערעירא האָט פיל אויפגעטאָן אויפ'ן געביט פון קינדער ערציהונג.

# מאָדערנע קינדער ערציהונג

פעיראראָ'ס ארבייט האָט אָבער געווירקט אויף זשאַן זשאַק רוססאָ, וועלכער פלעגט גאַנץ אָפט באַזוכען זיין שול, און איז זעהר געווען פאַראינטערעסירט מיט זיין סיסטעם. ער האָט דערנאָך אויס־געאַרבייט אַן אייגענע אנשויאונג פון קינדער ערציהונג אין זיין באַ־רימטעם ווערק „עמיל“. ער זאָגט דאָרט: „דער גייסט פּראָדוצירט און ברענגט ארויס אידעען אַ דאַנק די חושים, נאָר דער אופן פון זיין אַקטיוויטעט איז ניט אָפּהענגיג אָן דער זינען וועלט, נאָר אָן זיך זעלבסט. עס איז ריכטיג ווי אַ פלאַנץ, וואָס וואַקסט גוט אָדער שלעכט לויט די באַדינגונגען פון דער ערד און דעם קלימאַט, דאָך אָבער איז עס אויך אומשטאַנד ארויסצוברייינגען און ענטוויקלען דעם אייגענעם כאַראַקטער שפּעטער, ווען עס ווערט נויטיג, דעם כאַראַקטער וואָס עס האָט אין אָנפאַנג באַזעסען. די מעגליכקייטען קענען זיין פערשי־דענאַרטיג אין באַזונדערע סביבות, אָבער די אייגענע אינערליכע קראַפט איז מעהר ווי די אומגעבונג.“

די מאָדערנע קינדער ערציהונג האָט זיך פונאַנדערגעוויקעלט און געקראָגען דעם גרעסטען שטויס דורך איטאַרד און סעגווין. איטאַרד האָט זיין סיסטעם אויסגעאַרבייט ערציהענדיג דעם „ווילדען פון אווועריאָן“, ווי עס איז פאַרצייכענט אין די רעקאָרדען וועלכע ער האָט וועגען דעם צוגעשטעלט.

אין 1799 האָט מען אין די וועלדער פון אווועריאָן געכאַפּט אַ יונג וואָס איז געווען מוטער נאַקעט און איהם געבראַכט קיין פּאַריז. דאָרט האָבען זיך מיט איהם פאַראינטערעסירט געלערטע. זיי האָבען גערעכנט אין איהם צו געפינען דעם נאַטור מענש און געהאָפט אין איהם צו ענטדעקען די סודות פון מענשליכען גייסט. לאַנג איז דער אינטערעס צו איהם ניט אָנגעהאַלטען געוואָרען. מען האָט פון איהם גאָרנישט געלערענט, און מען האָט איהם ארייגעגעבען אין אַן אנ־שטאַלט פאַר טויב־שטומע. דר. פינעל, אַן אויטאָריטעט איבער גייס־טיג-קראַנקע האָט ארויסגעגעבען אַן אנטשיידונג, אַז דער יונג איז אַן אונהיילבאַרער אידיאָט און פון איהם קאָן שוין קיין לייט ניט אויסוואַקסען.

איטאַרד, פאַראינטערעסירענדיג זאַך מיט דעם יונג, האָט איינ־געשטימט, אַז ער איז אַן אידיאָט, ער האָט אָבער ניט געקענט איינ־שטימען, אַז מען וועט איהם שוין גאָרנישט קענען אויסלערנען. ער

האָט זעהר פיל פון זיין לעבען אוועקגעגעבען צו ערציהען דיזען יונג. ניט איינמאָל האָט ער עס געוואָלט אויפגעבען. אויסלערנען ריידען האָט ער איהם ביז'ן טויט ניט געקאָנט, אָבער דאָך האָט ער איהם ענטוויקעלט צו אַ געוויסער שטופע פון פארשטענדניש. ער האָט פון איהם אויסגעוואָרצעלט אַ סך ווילדע זאַכען. בעזאָנדערס האָט דיזער פאָרשער אליין אַ סך געלערענט. ער האָט אויפגעדעקט אַ נייע וועלט אין דער ערציהונג פון קינדער.

פון זיין ערפאהרונג מיט דעם „ווילדען פון אַוועראָן" האָט איטארד אויסגעפונען, אַז ניט זכרון שפּילט די הויפּט ראָלע אין ערציהונג, נאָר די חושים. דאָס וואָס אַ קינד געדענקט ווערטער און האָט ניט קיין ריכטיגען באַגריף וואָס זיי מיינען, איז אין דעם שולדיג דאָס וואָס זיינע חושים זיינען ניט אַנטוויקעלט.

מען דאַרף, לויט איטארד'ס מיינונג, פריהער אַנטוויקלען ביים קינד דעם איינפאַכסטען חוש — נעמליך: באַרירונג, עס זאָל קענען פילען דעם אונטערשיד פון קיילאַכדיג ביז פירעקיג, פון הארט ביז ווייך, ער זאָל אין אָנטאַפּען פילען דעם אונטערשיד פון פערשידענע מאַטעריעס.

נאָכדעם ווי ביים קינד ענטוויקעלט זיך דער חוש פון באַרירונג, דאַרף מען אַנטוויקלען אין דעם דאָס הערען און זעהען, עס זאָל זיין אומשטאַנד אויפצופּאַסען קאָלירען און קלאַנגען.

סעגווין, איטארד'ס בעסטער תלמיד און גרויסער פּעדאַגאָג, איז געווען שטארק באַאיינפלוסט פון סען סימאָנ'ס ערפאהרונגס טעאָריע פון סאָציאַליזם. ער האָט סען סימאָנ'ס געדאַנקען אריינגעארבייט אין זיין סיסטעם וועגען קינדער ערציהונג. ער האָט אויך פיל צייט אוועקגעגעבען דער ערציהונג פון פילע שוואַכזיניגע קינדער. ער האָט אָבער געפאָדערט אַז עס זאָל איינגעפירט ווערען אַן אַלזייטיגע ער־ציהונג פאַר נאָרמאַלע ווי פאַר אומנאָרמאַלע קינדער; דער קערפּער ווי דער גייסט, די חושים ווי דער דענקען דאַרף אַנטוויקעלט ווערען ביי קינדער.

סעגווין האָט מעהר און דייטליכער ווי אַלע אַנדערע אָנגעצייגט די וויכטיגע ראָלע וואָס די חושים שפּילען אין דער ערקענטניס אַזוי גוט ווי אין פּראַקטישען לעבען און האָט אויך אָנגעצייגט די מיטלען, ווי אַזוי דאָס צו אַנטוויקלען. צוליעב די פראַנצויזישע רעוואָלוציע פון



פראפעסאר מיעד

1848 האָט ער פאַרלאָזען פאַריז און איז געקומען קיין ניו־יאָרק, גראדע ווען זיין נאָמען איז באַרימט געוואָרען אין זיין פאָטערלאַנד. אין א פרעמד לאַנד איז זיין ארבייט שוין ניט געווען אזוי פרוכטבאַר, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס ער האָט אנטייל גענומען אין גרויסע ער־ציהונגס אינסטיטוציאָנען אויך אין דעם נייעם לאַנד.

דיזע אַלע גרויסע ערציהער זיינען געווען די ערשטע, וועלכע האָבען פאַרבונדען פיזיאָלאָגיע מיט פּסיכאָלאָגיע אין קינדער ערציהונג. לאָק איז געווען א גוטער דאָקטאָר. פּערעירא האָט איינינגע יאָהר גע־שטודירט מעדיצין, כדי צו וויסען ווי אזוי צו ערציהען זיינע טויב־שטומע.

זיי האָבען עס צוזאַמענגעפאַסט דאָס פעלד פאַר מאָדערנע ערציהונג, וואָס באַטראַכט די נשמה פון קינד אייגהייטליך, מיט׳ן גוף און זאָרגט, אז די נאָרמאַלע ערציהונג פון גייסט זאָל זיין פאַרבונדען מיט דער נאָרמאַלער ענטוויקלונג פון קערפּער.

## .5

## דאָס קינד און די געזעלשאַפט

כדי צו פאַרשטעהן ווי אזוי צו ערציהען א קינד, איז נויטווענדיג צו האָבען א וועלכען עס איז פאָרשטעלונג וועגען די אינערליכע גייס־טיגע און פיזישע כחות פון קינד. געוועהנליך איז אָנגענומען דער מיי־נונג, אז א קינד איז בלויז א קליין מענשעלע, עס איז ביוכלת צו טאָן און צו האַנדלען ווי א גרויסער מענש נאָר אין א קלענערען מאַסשטאַב. דערפאַר טאַקע בעגייט מען זאַך פיל מאָל מיט קינדער ווי מיט דערוואַקסענע, און מען שטעלט דעם קינד אויך דיזעלבע פאָדערונג.

מיט דער ענטוויקלונג פון דער מאָדערנער קינדער שטודיום, אָדער ווי מען רופט עס פּיידאָלאָגיע, האָט מען קלאָר ארויסגעבראַכט דעם פאַקט אז א קינד איז אין גאַנצען פאַרשיידען פון א דערוואַקסענעם מענשען, סיי פיזיש און סיי גייסטיג איז א קינד א בעזונדער סאָרט באַשעפעניש, און פאָדערט א בעזונדער סאָרט באַהאַנדלונג.

נאָכמער, וואָס מער די געזעלשאַפט דערהויבט זאַך אַלץ העכער אויפ׳ן לייטער פון ציוויליזאַציאָן, אַלץ לענגער ווערט די פּעריאָדע פון

קינדהייט צווישען מענשען. אמאָל פלעגט א דרייצען יאָריגער אי־דישער בחר׳ל זיין א גאנצער סטאטעק, האָט געמעגט חתונה האָבען, פירען אַן אייגען לעבען און האָט זאַך פארעכענט פאר א גאנצען באַ־לעבאָס: האָט געהאַט א דעה אין קהל א. ז. וו. אָבער היינט מוז מען ווארטען ביז איין און צוואַנציג יאָהר, צו ווערען א בירגער און אום צו פארעכענט ווערען פאַר א גלייכען פול אויסגעוואַקסענעם מענשען. א יונגערמאַן פון דרייצען יאָר ווערט היינט פאר א קינד געהאלטען.

די קינדהייט פון מענשען איז זעהר א קאָמפּליצירטע, ווייל די אינ־ערליכע פּאטענציאַנעלע קרעפטען פון מענשען זיינען אלזייטיגע. עס מערקט זאַך פריער פון אלעס אין א קינד די הילפלאָזיגקייט נאָכ׳ן גע־בורט, און דאָס וואָס דיזער צושטאַנד פון הילפלאָזיגקייט איז א גאַנץ לאַנגער.

א פיש קען גלייך ווי עס ווערט געבויר‌ען טאָן אלעס וואָס גרוי־סערהייד. א פייגעלע קען נישט טאָן אלעס גלייך ווי עס ווערט גע־בוירען, אָבער עס איז אין א פיל אנגענעמענער לאַנגע ווי דאָס מענשליכע קינד. דאָס ווייזט, אַז וואָס העכער א בעשעפעניש שטייט אויף דעם שטאַפּעל פון ענטוויקלונג אלץ הילפלאָזער איז עס גלייך נאָכ׳ן געבורט. דערפאַר אָבער איז עס פלאַסטיש, בויגיג און באַזיצט פילע מעגליכ־קייטען, און קרעפטען, וועלכע קענען ענטוויקעלט ווערען און ראַפינירט ווערען.

א קינד קומט אלזאָ, נישט אויף דער וועלט אלס קיין פאַרטיגער מענש, אויסגעגאָסען פון א פורם, און די קינדער יאָרען זיינען דערפאַר די צאַרטעסטע, די איידעלסטע און דאַרום אויך די געפערליכסטע און באַשטימסטע אין דעם מענשליכען לעבן.

ערציהונג שפּילט דערפאַר אויך אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער אויס־בילדונג פון קינד׳ס כאַראַקטער, פייהיגקייטען, פון קערפּער און גייסט.

אָבער דער הויפּט געוויכט דאַרף געלייגט ווערען אויף די פיזישע ענטוויקלונג, אויף דער ערציהונג פון קינדערישע חושים, אויף דער נאָרמאַליטעט פון דעם קינד׳ס זינען וועלט, דורך וועלכער עס איז בלויז מעגליך די גייסטיגע ערציהונג.

עס איז וויכטיג צו באַאבאַכטן דעם פיזישן און גייסטיגן וואוקס פון קינדער, וואס נעמט אָן אין פארשיידענע יאָרען א פארשיידענע ווענדונג, און איז אנדערש צווישן אינגלאַך און מיידלאַך.

# מאָדערנע קינדער ערציהונג

אַ מיידעל וואַקסט פון 12 בּיז 14 יאָר שנעלער ווי אַן אינגעל, אָבּער געוויינליך זיינען אינגלאַך העכער, אין פרילינג וואַקסט אַ קינד אין דער הויך און אין הערבּסט אין ווּאָג. געווים איז דאָס וואַקסען פון קינדער אפּהענגיג אָן שפּייז, בּאַדינגונגען פון דער היים און אומ־געבּונג און אויך פון נאַציאָנאַליטעט. קינדער פון רייכע עלטערן זיינען העכער און שווערער אין וואָג איידער די דורכשניטליכע קינדער. קינ־דער פון אָרעמע מענשען עסן ווייניג נאַרהאַפטע שפּייז; אטעמען ניט קיין גענוג ריינע לופט און האָבּן ניט גענוג זונענשיין. דאָס ווירקט פאַרדאַרבּליך אויף זייער פיזישער ענטוויקלונג. דער וואוקס ווענדעט זאַך אבּער אויך צו וועלכען נאַציאָן די קינדער בּאַלאַנגען. געוויסע נאַ־ציאָנען זיינען העכער און אַנדערע שווערער. אָבּער נאָרמאַלע בּאַ־דינגונגען מאַכען מעגליך די פולסטע ענטוויקלונג פון דער הויך און וואָג צווישען קינדער.

בּאַוואוסטזיין איז אַ פיל שפּעטערדיגע ערשיינונג אינ'ם לעבּען פון קינד. אין אָנפאַנג טאַפּט דאָס קינד אין דער פינסטער. עס ווערט געטריבּן דירך אימפּולסן און אינסטינקטן. דאָס זיינען די הויפּט אינערליכע קרעפּטן וואָס אַ קינד בּאַזיצט. עס לערנט זיך דורך מאַכן טעות'ן, דורך דורכפאַלען. עס הייבּט עפּעס אָן צו טאָן, קען נישט, פּרובּירט עס דוקא ווידער אַמאָל און נאָכאַמאָל און שטרענגט אָן אַלע כחות אזוי, אַז עס בּעוועגט דאָס גאַנצע קערפּער. אַ קינד לערנט זאַך אוים טאָן זאַכען, וועלענדיג בּייקומען שוועריגקייטען, סטאַרענדיג זאַך אפּצוראַמען די שטיינער וואָס ליגן אויפ'ן וועג.

מאַמעס פאַרשטייען עס מייסטענס נישט. זיי זעהען ווי קינדער שטריינגען זאַך אָן, ווילען עפּעס טאָן און קאנען נישט, זיינען זיי גלייך דאָ אויפ'ן פּלאַץ און טוען עס פאַר זיי. זיי זעהען נישט איין אַז זיי טוען די קינדער שאדען מיט דעם, זיי לאָזען די קינדער זאַך ניט פריי צו ענטוויקלען און זאַך אויסלערנען טאָן זאַכען.

מאדאם מאנטאסאָרי, די איצטיגע בּאַרימטע ערציהערין פון קינדער דערציילט: זי האָט געזען ווי אַ גרופּע קינדער זיינען געזעסן און זאַך מעשה'לאַך פאַרצעלט. דאָס קלענסטע קינד אַרום, האָט זאַך געוואָלט אַנידערזעצן אין רעדעל, איז עס צו, אַנעם געטאָן אַ בּיינקעל, און עס גענומען טראָגען. עס איז געווען שווערלאַך פאַר'ן קינד. אַ לערערין האָט עס דערזען, איז זי גלייך צוגעלאָפען צום קינד. האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס ביינקעלע און עס צוגעטראָגען פאַר'ן קינד. דאָס

קינד האָט זאך אוועקגעזעצט. אָבער, מאדאם מאנטאסארי, האָט אינ׳ם אויסדרוק פון קינד׳ס פּנים באַמערקט אונצופרידענהייט, א גע־בראָכענעם שטאָלץ, ווייל נישט אזוי דאָס זיצן צווישן קינדער, איז געווען וויכטיג פארן קליינעם, ווי אליין צוטראָגען דאָס בײנקל און דאָן זאך אויף דעם אוועקזעצן.

אויב מען וויל אז א קינד זאָל עפּעס טאָן, דארף מען ציהען דעם קינד׳ס אויפמערקזאמקייט צו דעם. דארום שפּילט אין דער קינדער ערציהונג אזא גרויסע ראָלע פארשלאגן און שטומע אָנווייזונגען.

דורך דעם וואָס א קינד איז טעטיג, אנטוויקלט זיך די נערוועז סיסטעם, וואָס איז ביי דעם זעהר עלאסטיש, און דורך דעם וואָס א קינד שטריינגט זאך אָן צו טאָן א זאך עטליכע מאָל נאָכאנאנד ענטוויקעלט עס אין זיך די מעלות פון פּינקטליכקייט, שנעלקייט און באַשטענדיג־קייט. א קינד מאכט מיט א צען מאָל מער באוועגונגען פון א דערוואַקסענעם. דעם קינד׳ס באוועגונגען האָבען אָבער ווייניג באַשטענ־דיגקייט, דערפאַר דארף מען זעהן, אז א קינד זאָל נישט דארפן טאָן קיין פּינקטליכע טאטען. עס דארף זאך באוועגען פריי, אָן א פעסטען סדר.

אין דער ענטוויקלונג פון קינד באמערקט זאך צוויי געגענזעצליכע ערשיינונגען, וועלכע זיינען שטארק פארקניפּט און פארבינדען אין פּראָצעס פון קינד׳ס גייסטיגן אייפשטייגן. ערשטענס, פארמאגט עס פאנטאזיע, און פאָרשטעלונג און צווייטענס האָט עס א נייגונג נאָר צו קאָנקרעטע זאכען און געגענשטאנדן. א קינד ווייס נישט און קען נישט פארשטיין, וואָס עס איז אזוינס גוטעס און שלעכטעס. עס קען אָבער פיל לייכטער באגרייפען, אז עס דארף זיך טיילען מיט אנדערע קינדער מיט׳ן קוכען אָדער אוועקטרייבען די קינדער וועלכע עס וויל נישט ליידן ארום זיך. עס ווערט זער שטארק באאיינפלוסט פון אויס־ערליכע זאכען, לאכט און שמייכעלט ווען מען לאכט און שמייכעלט צו דעם.

דאָס קינד ווערט ערצויגען אין א פיזישער און סאָציאלער אומ־געבונג. די ערשטע באַשטייט פון שפּייז, לופט, היים, גאס, ליכט און נאטור אויסזען, וואָס ווירקט אויפ׳ן געזונד: וואָג, הויך א. ז. וו. די צווייטע איז מענשן, מיט זייערע באציהונגען, בארירונגען און באָ־אָבאַכטונגען, וואָס ווירקט אויפ׳ן כאראקטער, באוואוסטזיין און גייסט

פונ'ם קינד. עס ווירקען אויפ'ן קינד די באַשעפטיגונג, מיינונגען, טראַ־
דיציעס, מאָראַל און עטיקעט פון די מענשען מיט וועלכע עס קומט
אין נאָהענטער בארירונג.

פראָפעסאָר באַלדווין, איינער פון די גאַנץ באַדייטענדע פּיי־
דאַלאָגען אין אמעריקא, לייגט זעהר פיל געוויכט אויף דער נאָכאַמונג
פון קינדער: אויף דאָס וואָס זיי טוען נאָך אַנדערע, דערוואַקסענע. נאָך
זיין שטאַנדפּונקט קען נאָכאַמונג דערקלערט ווערן פון אַן אינדיווידו־
עלען און געזעלשאַפטליכען שטאַנדפּונקט. ער ווייזט אָן, אַז די גייס־
טיגע אַקטיוויטעט פון קינדער שטאַמט פון און ווערט אויסגעדריקט אין
נאָכאַמונג.

מען טרעפט עופּהלאַך, לויט זיין מיינונג, וועלכע הייבען שוין אָן
נאָכצואַמען לייכטע זאַכען וואָס זיי זעהען אַנדערע טאָן. שפּעטער מערקט
זאַך שוין ווי זיי מאַכען נאָך שווערערע זאַכען. קינדער שפּילן זאַך אין
„טאַטע־מאַמע“, אין „לערער“, אין „הויז־ווירטשאַפט“, אין „שוסטער“,
און אין „דאָקטאָריי“, אַלץ לויט די באַשעפטיגונגען פון טאַטן. פּראָ־
פעסאָר מיעד, אַ וויכטיגער פּעדאַגאָג, איז ניט איינשטימיג מיט באַלד־
ווינס שטאַנדפּונקט. ער איז בכלל ניט צופרידען פאַרוואָס מען רופט
דאָס וואָס אַ קינד טוט, נאָכאַמונג, אפילו דאַן ווען דאָס קינד טוט נאָך
די עלטערן, אָדער אַנדערע דערוואַקסענע מענשען. פאַר דער געזעל־
שאַפט, דערקלערט מיעד, איז אַלעס וואָס אַ קינד טוט נאָכאַמונג. די
פראַגע איז אָבער: וואָס איז דאָס פאַר'ן קינד? וואָס קומט דאַן פאָר
אין דער נשמה'לע פון דעם וואָס טוט די זאַך?

אַ קינד מוז זאַך אויסלערנען ווי אַזוי צו גיין, ריידען, צו באַנוצן
די הענט, און טאָן אַלע אַנדערע זאַכן נאָכדעם ווי עס קאָפּירט אַנדערע.
עס קאָפּירט שטענדיג די געוויינהייטן, באַגריפן, טאַטן פון די מענשן
וואָס דרעהען זאַך אַרום קינד, אויך די ווערטער און שפּראַך וואָס מען
רעדט.

ווען מיר גייען אָבער איבער צום קינד, ווען מיר דרינגען בלויז
אויף אַ קליינער ווילע אַריין אין זיין גייסט, אין זיין באַוואוסטזיין,
און לאָזן בשעת מעשה אויס דעם בעאָבאַכטער, וועלן מיר לייכט אויס־
געפינען אַז דאָס קינד ווייס נישט, האָט גאָר קיין אַנונג ניט אַז עס
קאָפּירט אימיצענס אַ טאַט, נאָר אַז עס איז באַוואוסטזיניג וועגען איין
זאַך — אַ נייער ערפאַרונג. אַ קינד טוט אַ זאַך נישט דווקא דערפאַר

ווייל עס וויל טאָן וואָס יענער טוט, נאָר פשוט דערפאַר ווייל עס וויל זאַך עפּעס אויסלערנען. דאָס קינד זוכט זאַך זעלבסט צו קאָנטראָלירן, און איז אומשטאַנד עס אויסצופירן טוענדיג דאָס וואָס אַנדערע טוען. און אויף אַזאַ אופן באַרייכערט עס די אייגענע ערפאַרונג.

ווען אַ קינד זעהט אימיצן שרייבען מיט אַ בליישטיפט, כאַפּט עס זאַך צום בליישטיפט און וויל טאָן דאָסזעלבע. פאַר דעם צושויער איז עס נאָכאַמונג, פאַר דעם קינד איז עס אָבער אַ פאַרלאַנג פאַר אַ נייער ערפאַרונג.

ווען אַ קינד טוט אַ זאַך, איז עס בשעת מעשה ניט בעוואוסטזיניג וועגן דעם אַז עס טוט אימיצן נאָך. נאָר אַז עס לערענט זאַך עפּעס אויס, אָט דיזער „עפּעס" איז פאַר'ן קינד דאָס וויכטיגסטע, ניט דער „אימיצער", וועמען עס קאָפּירט. פאַר'ן קינד איז יעדע זאַך ערפאַרונג, יעדער טאַט מיינט קאָנטראָל איבער די אייגענע מעשים און נאָר דאָס איז דער צוועק פון קינד'ס האַנדלונגען. נאָכאַמונג מיינט אין דער אמת'ן, זיין באַוואוסטזיניג, אַז מען טוט אימיצן נאָך, אַז מען נעמט איבער אימיצנס פירונגען.

עס איז בכלל אַ טעות ווען מען באַטראַכט נאָכאַמונג אַלס פּסי־כאָלאָגישע ערשיינונג פון קינדער. באַלדווין זעלבסט ברייננגט דייט־ליך אַרויס אָט דיזען טעות, ווען ער פאַרגלייכט נאָכאַמונג צו דעם פּראָצעס פון גייסטיגער אַנטוויקלונג צווישען קינדער.

באַלדווין דריקט דיזען געדאַנק אויס, ווען ער דערקלערט, אַז עס זיינען פאַראַן צוויי פאָרמען פון נאָכאַמונג, אַן איינפאַכע און אַ קאָמ-פּליצירטע. איינפאַכע נאָכאַמונג מיינט, נאָך זיין שטאַנדפּונקט, ווען אַ קינד טוט בלויז איין מאָל דאָס וואָס עס זעט טאָן אַנדערע. קאָמ־פּליצירטע נאָכאַמונג מיינט, ווען דאָס קינד ווידערהאָלט דאָסזעלבע עטלאַכע מאָל. און דוקא די קאָמפּליצירטע נאָכאַמונג צייגט, אַז פאַר'ן קינד עקזיסטירט נישט קיין נאָכאַמונג. אָט למשל, זעט אַ קינד ווי די מאַמע פּוצט דעם אויוון, נעמט עס און טוט דאָסזעלבע. שפּעטער אַ ווײַלע טוט עס נאָכאַמאָל דאָסזעלבע. אויף מאָרגען ווידער. אָבער דעם צווייטען און דריטען מאָל, זעט דאָס קינד דאָך שוין ניט מער דער מאַמען פּוצענדיג דעם אויוון, און דאָס קינד האָט דאָך שוין ניט די זעלבע פאָרשטעלונג ווי דאַן ווען עס האָט געזען דער מאַמען טוענ־דיג. עס פּוצט דעם אויוון, פשוט דערפאַר ווייל עס וויל זאַך עפּעס נייעם אויסלערנען, באַקומען אַ נייע ערפאַרונג.

פראָפעסאָר באלדווין באטראַכט דיזען פּראָצעס פון דעם שטאַנד־פּונקט פון בעאָבאַכטער און ניט פון דער לאַגע פון קינד; ער זעהט בלויז די אויסערליכע זייט פון קינד׳ס האַנדלונגען, און בשום אופן ניט דעם אינערליכען פּסיכאָלאָגישען זין פון זיינע טאַטען, נאָכאַמונג איז גייסטיגע ענטוויקלונג ווי באלדווין ווייל ערקלעהרען.

דאָס קינד טוט איבער יעדע זאַך וואָס עס זעהט עטליכע מאָל ניט אויס צופאַל, נאָר דערפאַר ווייל עס וויל זאַך ענטוויקלען אין א סאָציאַלער אומגעבונג.

אינערליך אין קינד גופא אַרבעטען כחות וועלכע טרייבען צו אַקטיוויטעט, צו האַנדלונגען. עס דאַרף נאָר האָבן א געלעגענהייט זיי אַרויסצובריינגען. א קינד׳ס דורשט צו שיינעס, צו נאַטור רייכקייט, ווערט ערקלערט פון דעם עסטעטישען פאַרגעניגען וואָס עס האָט זע־הענדיג שעהנע זאַכן, וואָס איז לייכט פאַר׳ן אויג צו זעהן.

א קינד לערנט זאַך אַליין אויס צו פאַרשטיין און דער עיקר צו דער־פילען דעם אונטערשייד פון איינהייטליכקייט און פילפאַכקייט; פון האַרמאָניע און פאַרשיידענאַרטיגקייט. מען דאַרף דאָס קינד לאָזען אַליין צו באָאָבאַכטען די נאַטור, אַליין צו שעפּען באַגייסטערונג און ענטוויקלונג, ווייל אין קינד זעלבסט וואַכן אויף עסטעטישע אימפּולסן, ווען עס קומט אין בערירונג מיט נאַטור ערשיינונגען.

די געזעלשאַפטליכע פאַרגאַנגענהייט, די עוואָלוציאָן פון מענש־ליכען לעבן, איז פאַרקערפּערט אין די קינדער שפּילערייען. מיט דעם גאַנג פון קינדער יאָרען, ענדער׳ן זאַך די שפּילערייען צווישען זיי: אָט שפּילן זיי זאַך אין היילען, גראָבען ערד און מאַכען גריבער; שפּע־טער א ווײַלע אין יאַכט, זאַמלען שטיינדלאַך, בלעטלאַך אָדער אַנדערע זאַכן. זיי ווערען צו דעם געטריבען דורך די אימפּולסן פון דער גע־שיכטע פון מענשליכער ציוויליזאַציע.

דאָס קינד מוז פון געבורט אָן דורכמאַכען דיזעלבע שטופן, וואָס די מענשהייט האָט דורכגעמאַכט אין איר געשיכטע. נאָר דאָס קינד טוט עס געוויינליך אין א גאַנץ קורצער פּעריאָדע. עס שפּילט זאַך אין היילען, ווייל אַמאָל אין דער וויגעלע פון מענשליכער ענטוויק־לונג האָבן אַלע מענשן געלעבט אין היילן. עס שפּילט זאַך אין יאַכט, ווייל אַמאָל האָבען אַלע מענשען געלעבט פון יאַכט. דאָס זעלבע איז

מיט אַלע אַנדערע טעטיגקייטען. אפילו די נייגונג צו פּאָעזיע אין דער יוגענט, שטעלט מיט זיך פאָר אַ פאַזע פון מענשליכן פּאַרגאַנגע־נעם לעבען. די גריבען זיינען אַמאָל געווען אַלס פאָלק פּאָעטיש געשטימט.

די אינסטינקטן און נייגונגען, אימפּולסן און שפּילערייען פון קינ־דער קענען קלאַסיפיצירט און רעגולירט ווערן. מען דאַרף נאָר אונבע־דינגט געבן אַ ווענדונג, אַט די איינגעבאָרענע כחות פון די קינדער, וויסענדיג אַז קינדער זאַמלען, דאַרף מען זעהן, צום ביישפּיל, זיי זאָלן זאַמלען נוצבאַרע זאַכן, ווען זיי קומען צו דיזער פּעריאָדע. מען דאַרף דירעקטירען די אינסטינקטען אויף אַ העכסט נוצבאַרען אופן. אין דעם באַשטייט די הויפּט אויפגאַבע פון דער מאָדערנער ערציהונג. ניט אין אונטערדריקן אָדער איגנאָרירן די נייגונגען פון קינדער—מיינט ערציהונג. דאָס איז געווען דער טעות פון דער פאַרגאַנגענהייט. דאָס האָט בלויז תמיד שאָדען געבראַכט. אידען האָבען גלייך ווי אַנדערע פעלקער, זאַך באַצויגן אינדיפערענט צו דיזע אינערליכע כחות פון קינדער, און גאַנץ אָפט זיי אונטערדריקט. די נאַטירליכע שטרע־בונגען ון אידישע קינדער זיינען פון אַלטן דור דערשטיקט געוואָרן, און זייערע קינדער זיינען אויסגעוואַקסען קראַנקהאַפטע און אומ־נאַטירליכע.

די מאָדערנע קינדער ערציהונג נעמט אין אַנבעטראַכט די איינג־סטע יאָרען פון קינדער, די יאָרן ווען דאָס קינד ענטוויקעלט זאַך ראַשיג, ווען עס שפּראָצט מיט אינערליכע קרעפטן, ווען עס בילדעט זאַך אויס די הויפּט שטריכן פון קינד'ס כאַראַקטער און פּערזענליכקייט און גיט עס ווענדונג פאַר העכערער מענשליכער אױפשטייגונג.

דאָס זיינען די הייליגסטע און וויכטיגסטע יאָרען אין קינד'ס לעבען. טאַטע־מאַמע דאַרפן זאַך אַנשטרענגען, אַז די ערציהונג זאָל זיין וואָס אַ פאָלקאָמענערע.

.6

# די ערציהונגס אידעאַלען פון פראַנציסקאָ פעררער

פראַנציסקאָ פעררער, וועט אויף אייביג פארבלייבען אַלס דער גרעסטער מאַרטירער פון די אידעאַלען פון ערציהונג. די פינסטערלינ־גע פון דעם קאַטוילישען שפּאַניען האָבען איהם באַשולדיגט, אַז זיין מאָדערנע שול איז עס געווען פאַראַנטוואָרטלאך פאַר די בונטען און אויפשטאַנדען, וואָס האָבען זיך דאַן צובראָכען אין שפּאַניען. מען האָט איהם דערפאַר דעם 12טען אקטאבער 1909 צום טויט דערשאָסען אין בארצעלאָנאַ.

דער משפט געגען איהם איז געווען אַ שרעקליך אונגערעכטער. דער קלויסטער און די פינסטערע פּאָליטיק האָט פשוט געוואָלט פון איהם פטור ווערען, ער האָט צופיל ליכט און וויסען פארשפּרייט צווי־שען די יוגענד אין דעם נאָך אַלץ מיטעלאַלטערליכען שפּאַניען.

מען האָט זיין שול אָנגערופען דעם נעסט, וואו עס „האָדעווען זיך אויס רעבעלירענדע ביערגער". דער אמת איז, אַז זיין שול איז דורכ־אויס אַ ראַציאָנאַלע. מען האָט דאָרט געלערענט אַז מיליטאַריזם איז אַ פאַרברעכען פאַר דער מענשהייט, און אַז די אונגלייכהייט פון רייכ־טום ברייננגט צרות אויף דער וועלט. אַ פּאָליטישע רעגירונג, איז לויט זיין מיינונג, אַן איבעל. ער איז געווען אַן אנארכיסט פון טאָל־סטאָי'ס חדר. ער האָט געפּריידיגט פערזענליכע פרייהייט און האָט געהאַלטען אַז אַ צענטראַליזירענדע רעגירונג איז אַן אומגליק.

אין דער זעלבער צייט אָבער, איז פראַנציסקאָ פעררער, געווען געגען גוואַלד־טאַטען, האָט געהאַלטען זעהר שטאַרק פון דעם צוזאַמענ־לערנען פון אָרימע מיט רייכע קינדער. קינדער פון מיטעל שטאַנד און אפילו פון פּראָפעסאָרען זיינען געגאַנגען אין זיין שול.

פעררער אַליין גיט איבער, אַז די אידעאַלען פון מאָדערנער ער־ציהונג זיינען אויסגעוואַקסען ביי איהם אין מח, ווען ער איז ענטוישט געוואָרען פון דער סיסטעם פון בילדונג אין די פרייע קאַפּיטאַליסטישע רעפּובליקען. ער האָט איינגעזען, אַז דאָס פּאָלק איז אונוויסענד, איז דום און נאַריש. די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג, באַנוצט זאַך מיט דיזער איגנאָראַנץ, און שטעלט אוועק די פּאָלקס ערציהונג אויף אַ נידעריגען שטאַפּעל, כדי קענען אויפהאַלטען איר מאַכט און איינפלוס.

קומענדיג אין בארירונג מיט געלערטע און דענקער, האָט ער אויך אויסגעפונען, אז זיי לערנען זיך ניט אום כדי צו העלפען דעם פּראָגרעס פון דער מענשהייט, נאָר צוליב אייגענע קליינליכע נוצען. פּאָרשריט און ענטוויקלונג איז באטראכט געוואָרען אלס צופאל. אונווייסענדע מאמעס האָבען קינדער אויסגעהאָדעוועט, און אין דער שול האָט געהערשט רעליגיאָן, פינסטערניש און טראַדיציע.

דורכריידענדיג זאַך פריהער מיט זיינע פריינד, וועגען דער שרעקליכער לאַגע פון פאָלקס ערציהונג, האָט ער זיך אָנגעשטויסען אָן טויבע אויערען. איז ער ליבערשט געקומען מיט דעם צו זיינע שילער. ער איז געוועזען פּראָפעסאָר איבער שפּאַניש אין פּאַריז, האָט ער מיט די שילער אויך גערעדט וועגען קונסט, ליטעראטור, רעליגיאָן און פילאָזאָפיע.

פעררער האָט אָנגעוויזען, וואָס פאר א שאָדען עס איז פאר דעם מענשליכען געדאנק דאגמאס, טראדיציעס און שלעכטע רעליגיעזע איינפלוסען. ער האָט געזוכט די געמיינשאפטליכע פארשטענדניש צווישען מענשען פון פארשיידענע פעלקער.

ער האָט געגלויבט, אז זיינע שילער ווערען גליקלאכער, מחמת זיי זיינען פטור געוואָרען פון אַלטע פּאָראורטיילען און טעות'ן. זייערע מחות האָבען זיי געעפענט פאר נייע אמת'ן וואָס האָט זייערע גייסטער ערהויבען, זייערע נשמות נאָבעלער געמאכט.

דורך לאָגיק, האָט ער געהאָפט, קען אָבגעווישט ווערען די פאַנאַטישע ביטערניש, און עס קען איינגעשטעלט ווערען א אינטעלעקטועלע הארמאָניע צווישען מענשען. זיינע שילער זיינען געוואָרען געגנער פון קלויסטער און האָבען אויפגעהערט גלויבען אין די לעגענדען פון דער ביבעל און אין דער אונפאָלקאָמענער מאָראַליטעט פון די הייליגע לערען און צערעמאָניעס.

פריינד און בעקאנטע צווישען האלב-געבאקענע ראדיקאלען און פילאָזאָפען האָבען אים פארלאָזען. אָבער זיינע שילער זיינען צו אים צוגעבונדען געוואָרען מיט טויזענדער בענדער. זיי זיינען געשטאנען מיט אים אפילו ווען שפּאַניען האָט אים פארדאמט, פאראורטיילט און ערמאָרדעט.

זעהר אינטערעסאנט איז ווי אזוי פעררער האָט געקראָגען געלד אויפצועפענען זיין שול. צווישען זיינע תלמידים אין פּאַריז, האָט

זיך געפונען אַן אַלטע, רייכע קאַטוילישע פרוי, מאַדמאַזעל מעניע. זי איז געווען שטאַרק אַבערגלויביש. אָבער, רייזענדיג איבער שפּאַניש־רייידענדע לענדער, האָט זי מיטגענומען פעררער'ן. דעבאַטירענדיג מיט איהם, איז זי געוואָרען פיל שוואַכער אין אַבערגלויבען, און האָט איינגעזעהן, אַז אַ אונגלויביגער, קען זיין אָרענטליכער, רייגער און וואַרהאַפטיגער פון אַ פאַנאַטיקער און אַ יעזואיט.

ווערענדיג אַליין, מער אָדער ווייניגער סאָציאַליסטיש, האָט זי נאָכדעם פעררער'ן געגעבען געלד אויפצועפענען די שול.

אין זיין פּראָגראַם האָט פעררער ערקלערט, אַז די אויפגאַבע פון ערציהונג איז איינצופלאַנצען אין אינגלאַך און מיידלאַך אמת, יושר און זיי צו בעפרייען פון אַלע פאָראורטיילע.

כדי דאָס אויסצופירן דאַרפען איינגעפירט ווערען ראַציאָנאַלע אידעען אין שול, געבויט אויף נאַטור וויסענשאַפט אנשטאַט די אַלטע דאָגמאַס. שכל'דיגע ערציהונג וועט סטימולירען, ענטוויקלען און דירעקטירען די נאַטירליכע פעהיגקייטען פון יעדען שילער. זיי וועלען אויסוואַקסען פעהיגע מענשען און וועלען טריי דינען די נויטען פון דער געזעלשאַפט. פאַר דעם צוועק איז נויטיג אַז אינגלאַך און מיידלאַך זאָלען לערנען צוזאַמען.

פעררער האָט געמאַכט פאַר איינעם פון זיינע צענטראַלע שטריכען פון ערציהונג, דאָס צוזאַמענלערנען פון אָרימע מיט רייכערע קינדער, ווייל אַ שול בלויז פון אַרימע, אָדער בלויז פון רייכע, קען ניט זיין נאָך זיין מיינונג ראַציאָנאַל.

די קינדער טאָרען נישט ערצויגען ווערען מיט דעם געפיל פון קלאַסען האַס, האָט געדענקט פעררער. קלאַסען קאַמף איז אַ זאַך פאַר ערוואַקסענע. קינדער דאַרפען ערצויגען ווערען אַלס אָרענטליכע, פרייע און יושר'דיגע מענשען, וועלען זיי שוין במילא נאָכדעם, ווי זיי וועלען אויסוואַקסען, קעמפען פאַר פרייהייט און גערעכטיגקייט אויף דער וועלט.

ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס פעררער האָט געלייגט זעהר פיל געוויכט אויף דעם שכל, אויף די לאָגיק, האָט ער אָבער אויך געהאַלטען אַז די האַרץ און דער ווילען פון קינד דאַרף גלייכצייטיג ענטוויקעלט ווערען. דער מענש איז נאָך זיין מיינונג איין גאַנצעס, כאָטש ער האָט פיל פונקציאָנען אין לעבען.

ער האָט זעהר שטאַרק באַקעמפט די צווייפאַכע פּערזענליכקייט פון מענשען—פון דענקען אַנדערש און האַנדלען אַנדערש.

די שול האָט ער געעפענט דעם 8טען סעפּטעמבער, 1901 מיט 30 שילער. צוועלף מיידלאַך און אַכצען אינגלאַך. ביז'ן סוף יאָר האָט ער די צאָל פאַרגרעסערט ביז 82.

די ערעפענונג איז געווען אַ פּשוטע, אָן די קאָנווענציאָנעלע צע־רעמאָניעס. עס האָט ארויסגערופען דעם רעספּעקט און די אַכטונג פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, ווייל אַלע האָבען דערפילט אַ נייעם גייסט אין דער קינדער ערציהונג.

פערערער איז געווען געגען דעם, מען זאָל פאָדער'ן דער שטאַאַט זאָל איינפירן מאָדערנע קינדער שולען. די שולען פון דעם שטאַאַט וועלען איינוואָרצלען אין די קינדער די אַנשויאונגען און די מאָראַל פון דער הערשענדער אָרדנונג.

אידעאַלע מאָדערנע קינדער שולען מוזען, לויט פראַנציסקאָ פער־רער, זיין פּריוואַטע. אויפגעהאַלטען און פאַרוואַלטעט פון אידעאַליס־טישע פּעדאַגאָגען.

ראַציאָנאַלע ערציהונג, איז אין פערערער'ס גייסט, הויפּטזעכלאַך אַ מיטעל זיך צו פאַרטיידיגען געגען טעות'ן און אונוויסענהייט. די שול האָט פאַר זיך די אויפגאַבע צו ענטוויקלען צווישען קינדער דעם געפיל פון סאָלידאַריטעט און פון גלייכהייט. דערפאַר טאָר אין דער מאָדערנער שול ניט זיין קיין בעלוינונגען אָדער בעשטראַפונגען. אין דער פערערער שול איז אויך נישט איינגעפירט קיין עקזאַמענס, ווייל נאָך זיין מיינונג שטעלט עס צופרידען די נידעריגע און קליינליכע מענש־ליכע אימפּולסען.

וועדליג די פינסטערע לאַגע אין דער קאַטוילישער שפּאַניען, איז פערערער'ס סיסטעם פון קינדער ערציהונג געווען זער אַ נוצליכער. ער האָט געעפענט דעם טויער פאַר אַ נייעם, פרייען, קולטורעלען לע־בען אין שפּאַניען.



דר. דאטערעססא מאנא מאנטעססארי

## 7.

# ד"ר. מאַריע מאָנטעסאָרי'ס ערציהונגס סיסטעם

דר. מאריע מאנטעסארי'ס סיסטעם פון קינדער ערציהונג, איז איצט אַן צווייפעל די בערימטעסטע אויף דער וועלט. שוין אין יאָר 1912, זיינען געעפענט געוואָרען 72 פאָלקס שולען, אין איטאַליען און אין דער שווייץ באַזירט אויף איר סיסטעם. היינט צו טאָג, איז די צאָל פאַרפילפאַכט געוואָרען. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ערציהונג ליגט נאָך אַלץ אין די הענד פון די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען.

דאָס רוב אָבער זיינען די מאנטעסארי שולען פּריוואַטע. אידעאַ־ליסטישע לערער און לערערינס שטודירען איר טעאָריע און פּראַקטיקע פאַר איניגע יאָרען, אָרגאַניזירען זיך אין אַ גרופּע, און עפענען אַ שול. כמעט אין אַלע גרעסערע שטעדט פון די פעראייניגטע שטאַטען, גע־פינען זיך היינט צו טאָג מאָנטעסאָרי שולען.

מאדאם מאָנטאסארי האָט פאַר איר ערציהונגס סיסטעם אויסגע־אַרבייט אַן אַפּאַראַט, וועלכער פאַנגט אָן צו ענטוויקלען דאָס קינד פון איינפאַכע בערירונג פון זינליכען לעבען, צו לעזען, שרייבען און רע־כענען, ביז דעם העכסטען שפּיל פון קינד'ס פאַנטאַזיע און פאָרשטעלונג.

די מאָנטעסאָרי ערציהונג איז געבויט אויף נאַטור וויסענשאַפט, אויף די קערפּערליכע און גייסטיגע אייגענשאַפטען פון קינד. און דער הויפּט צוועק פון איר סיסטעם איז אַרויסצואוויקלען די פּאָטענציאַלע קרעפטען פון קינד, וועלכע דרימלען אינערליך אין אים אויף דער ארע־נא פון לעבען, כדי די קרעפטען זאָלען אין קינד ניט פאַרשלאָפען ווערען.

מאדאם מאָנטעסאָרי, איז די ערשטע פרוי וועלכע האָט באַקומען דעם טיטול דאָקטאָר מעדיצין, פון רוים'ער אוניווערזיטעט. זי האָט פאַר אַ צייט לאַנג געאַרבייט אין אַן אַנשטאַלט פון שוואַכזיניגע קינ־דער. זי האָט זיך פאַראינטערעסירט אין דעם פיזישען ווי אין דעם גייסטיגען צושטאַנד פון אָט דיזע קינדער. און, זי האָט בעאָבאַכטעט, אַז ווען מען לערנט מיט די שוואַכזיניגע קינדער קאָנקרעט, דאָס הייסט, לערנענדיג זיי לעזען אַ געוויסען וואָרט, צייגט מען זיי דעם עצם פון וואָרט למשל, ביים וואָרט „בער", ווייזט מען אַ לעבעדיגען אָדער אַן אויסגעמאָלטען בער: ווען מען שרייבט זיי אָן „שניי", ווייזט מען

זיי וואָס איז שנייי, קענען זיי עס לייכט בעגרייפען, האָט עס איר געמאַכט נאָכצודענקען, וועגען דעם שלעכטען צושטאַנד פון דער ערציהונג בכלל; פאַר אומנאָרמאַלע ווי פאַר נאָרמאַלע קינדער.

מאדאם מאנטאסארי האָט זיך דאן נאָהענט בעקאנט מיט די אויפטואונגען פון דעם גרויסען פראַנצויזישען ערציהער סעגווין, וועמעס

ווערק זי האָט זעלבסט איבערזעצט אין איטאַליעניש.

ווי נאָר דר. מאריע מאנטעסאָרי האָט גרינדליך אויסגעשטודירט די ערציהונגס לערען פון סעגווין און נאָכדעם פון איטארד, איז זי אוועקגעפאָהרען קיין פאַריז, כדי צו זעהן ווי אזוי דיזע לערען ווערען אָנגעווענדעט אין לעבען, אין דער פראַקטיק.

זייענדיג אין פאַריז האָט זי זיך שנעל איבערצייגט, אַז די הויפט זאַך אין דער ערציהונג פון סעגווינ'ס אָריגינעלער שול איז זיין אפּאַראַט. זי איז געקומען צוריק קיין רוים און האָט דאָרט אָנגעפאַנגען אירע פּאָרטראַגען וועגען נייע טענדענצען אין ערציהונג, און האָט איבערגעגעבען אירע איינדריקע וועגען סעגווינ'ס סיסטעם.

אין 1898 איז מאַדאַם מאנטעסארי אויסגעקליבען געוואָרען צום אמט פון דירעקטאָר פון אַ נייער שול אין טורין און אין רוים. זי האָט דיזען אַמט אָנגעהאַלטען מיט גרויס ערפאָלג פאַר צוויי יאָר צייט. דערנאָך איז זי אוועק אין אוניווערזיטעט ווייטער שטודירען פילאָזאָפיע און אנטראָפּאלאגישע פּעדאַגאָגיע.

ערשט אין 1907 האָט זי איר סיסטעם פאַרווירקליכט אין לעבען, אין די פיר שולען, וועלכע זיינען אין רוים אויפגעעפענט געוואָרען אין די מאדעל הייזער.

אין דיזע שולען האָט מען אַרייטגענומען אַ קליינע צאָל קינדער. מען האָט אין יעדע שול אנגעשטעלט אַ דירעקטאָרין, אַן אויפזעהערין און אַ דאָקטאָר.

מען האָט אַכטונג געגעבען אויף דער געזונדהייט פון די קינדער אזוי גוט ווי אויף זייער גייסטיגער און מאָראַלישער האדאוואניע.

די טאַטע־מאַמע פון די קינדער זיינען געשטאַנען אין ענגע פאַרבינדונגען מיט די לערער, האָבען אין דער היים פאָרטגעזעצט, די ערציהונג פון די שול. די שול האָט אָנגעפאַנגען צו ווירקען אויף דעם היימישען לעבען פון די איינפאַכע ארעמע איינוואוינער.

# מאָדערנע קינדער ערציהונג

וואָס זיינען די הויפּט פּרינציפּען פון דער מאָנטעסאָרי סיסטעם פון קינדער ערציהונג?

מאַדאַם מאָנטעסאָרי, האָט מיט אירע פּרינציפּען פון קינדער ערציהונג, רעוואָלוציאָניזירט אונזערע אנשויאונגען און בעציהונגען צו קינדער. זי האָט פ ר י י ה י י ט אַוועקגעשטעלט אַלס איינעם פון די הויפּט פּרינציפּען אין דער האַדאַוואַניע און אין דער גייסטיגער ערציהונג פון קינד. דאָס קינד דאַרף זיין פריי, דאַרף זאַך באַוועגען פריי, דאַרף אָטעמען און לעבען פריי. דורך פרייהייט דאַרף זאַך ענטוויקלען יעדער אַטאָם נאַטירליכע ענערגיע פון קינד.

דיסציפּלין, דאַרף זיין געבויט אויף דעם פּרינציפּ פון פאָלקאָמענער פרייהייט. עס מוז זיין אַן אַקטיווע דיסציפּלין, ניט קיין פּאַסיווע.

מיר זיינען דאָס רוב געוואוינט, צו דיסציפּלינירן דאָס קינד דורך לערנען עס זאָל נישט טאָן, עס זאָל נישט וועלען, עס זאָל נישט ריידען. דאָס מאַכט דעם קינד אונבעוועגליך, דאָס טויט אָב דעם קינד'ס ווילען, און מאַכט עס אונטערטעניג. אַזאַ קינד איז ניט דיסציפּלינירט נאָר פּאַראַליזירט.

אַ שטיל קינד איז פיליכט בעקוועם אין לער צימער, אָבער נישט אין לעבען.

כדי צו זיין אַקטיוו דיסציפּלינירט, דאַרף דאָס קינד האָבען אַ באַגריף וועגען גוטס און שלעכטס. און עס דאַרף זיי די אויפגאַבע פון דער שול און לערער, אַז דאָס קינד זאָל נישט צוזאַמענמישען אין איין טאָפּ גוטס מיט אונבאַוועגליכקייט, אונטערטעניגקייט און שלעכטעס מיט אַקטיוויטעט און פרייהייט.

ווען מיר זעהען אַ קינד, וואָס עס רירט זיך ניט פון אָרט און איז שטיל ווי אַ ליימענער גולם, זיינען מיר גענייגט אַזאַ קינד צו פאַררעכענען פאַר אַ גוטעס. פאַרקעהרט, אָבער, אַ קינד וואָס שטיפט, בעוועגט זיך און שפּראָצט מיט לעבען, געפינט ביי אונז קיין חן נישט אין די אויגען. דאָס איז אַ פאַלשער בליק, לויט מאָנטעסאָרי'ס אנשויאונג.

אָבער פרייהייט אין זינען ווי מאָנטעסאָרי פאַרשטעהט עס, מיינט פרייהייט מיט אַ צוועק, מיט אַן אויפגאַבע. עס זאָל ענטוויקלען די אינטעליגענץ, די גייסטיגע און פיזישע כחות פון קינדער.

די פרייהייט, וואָס מאדאם מאנטאסארי מיינט, איז נאָר מעגליך אין א פרייער, נאטירליכער אומגעבונג, וואו אלעס איז צוגעפאסט צום קינד, וואו אלעס איז איינגעאָרדענט פאר דאָס קינד. יעדע זאך קען דאָס קינד גרייכען; יעדעס בילד וועקט די יונגע פאנטאזיע; עס באוועגען זאך קינדער מיט א צוועק. דאָס הייסט דיסציפלין.

אין אזא אומגעבונג אין שול ווערט דאָס קינד ענטוויקעלט עס זאָל האָבען זעלבסט קאָנטראָל, עס זאָל האנדלען.

אן אומגעבונג קען זיין אי א גוטע, אין א שלעכטע. א שלעכטע אומגעבונג אין דער היים און אין שול, קען ענטוויקלען שלעכטע טענדענצען און נייגונגען. עס איז דערפאר זעהר וויכטיג פאר דער ערציהונג פון קינדער, אז די סביבה פון שול און פון דער היים זאָל זיין אזא, זי זאָל וועקען אין די קינדער גוטע האנדלונגען, עס זאָל ענטוויקלען זעלבסט דיסציפלין צווישען די קינדער.

מאנטעסארי רופט אָן א קינד דיסציפלינירט, ווען עס איז אומשטאנד צו זיין באלעבאָס איבער זיך זעלבסט; ווען עס קען זאך קאָנטראָלירען, וועלענדיג עפעס טאָן. אין טעטיגקייט, בעוועגליכקייט דריקט זיך אויס דעם קינד'ס דיסציפלין. עס דארף זיין די אויפגאבע פון ערציהונג, צו זעהן אז קינדער זאָלען שלעכט ניט האנדלען, זאָלען ניט שלעכט טאָן אָדער באליידיגען אימיצען אנדערש—דורך טאָן גוטס, דורך האנדלען ריכטיג.

דיסציפלין דארף אויך נישט איינגעפירט ווערען, דענקט מאנטעסארי, דורך באטשראפען אדער בעגנאדיגען. פארקערט. זי האלט מיט פעררער'ן, אז ווען א קינד טוט ניט גוט, מיינט עס נאָך נישט, אז דאָס קינד איז א שלעכטס, נאָר אז עס דארף נאָך ערצויגען ווערען. אָדער אז מען ערציהט עס נישט ריכטיג. עס דארף פאר דעם קינד באנוצט ווערען ספעציעלע מאטעריאלען.

אזוי נאטירליך, דארף א קינד וואָס איז אויסערגעוויינליך גוט, ניט בעלוינט ווערען. נישט נאָר דערפאר, ווייל דאָס איז בכלל נישט עסטעטיש, ניט מאָראליש, נאָר ווייל עס איז שעדליך. דאָס קען דעם קינד שאדען ברייננגען, עס זאָל זיך פלייסען, בלויז צוליב די פרייזען. שוין ניט ריידענדיג פון דעם וואָס א צו גייסטיג קינד, איז אן און פאר זיך א געפאר פאר דער קערפערליכער און גייסטיגער ענטוויקלונג.

מאדאם מאנטעסארי האָט דורך איר אפאראט, דורך דער אומגעבונג פון אירע שולען, דורך אירע ערציהונג פרינציפען, געשאפען א

מעגליכקייט, אַז די שול און די היים זאָל זיך צופּאַסען צו דעם קינד און ניט דאָס קינד צום שול און היים.

יעדעס קינד ווערט דורך איר סיסטעם ערצויגען אינדיווידועל: לויט דעם קינד'ס פיזישע און גייסטיגע כחות, לויט דעם קינד'ס יאָרען, וואוקס, פעהיגקייטען א. ז. וו.

די מאָנטאַסאָרי סיסטעם פון קינדער ערציהונג, איז ניט נאָר ווי־סענשאַפטליך, נאָר זי שטעהט אויף דער העכסטער מדרגה פון סאָציאַלער גערעכטיגקייט. די שול דאַרף לויט איר מיינונג, אויסגלייכען די קינדער. די שול דאַרף איינפירן דעם יושר, וואָס די נאַטור, די געזעלשאַפטליכע סביבה, פאַרלייקענט פאַר מענשען.

אנצייגענדיג די נויטווענדיגקייט זיך צו באַנוצען מיט דעם אנטראָפּאָלאָגיש־פּעדאַגאָגישען שטאַנדפּונקט אין דער ערציהונג פון קינדער, ברייננגט זי אויך אַרויס דעם שרייענדען פאַקט, אַז קינדער ווערען געבוירען שרעקליך אונגלייך. די נאַטור און די געזעלשאַפט גראָבט אויס אַן אבגרונד צווישען די רייכע און אָרעמע קינדער. די שול דאַרף עס אויסגלייכען, דאַרף דעם אבגרונד פאַרשיטען, ביז דאָס קינד וואַקסט אויס.

זי ערקלערט, אַז דאָס אָרעמע קינד, קומט אויף דער וועלט אָפט פיזיש אונענטוויקעלט. און אויב אפילו עס איז שעהן, ווערט עס אונפּאָלקאָם צוליב דער שלעכטער האַדאַוואַניע. די אָרעמע אומגעבונג, די אונאָרהאַפטע שפּייז, די נויט און דחקות וואָס פייפען אין אַלע ווינקלאַך, פאַרדאַרבען די שעהנהייט פון קינד. דאָס קינד איז לויט די יאָרען קלענער, שוואַכער איידער דאָס רייכע; עס בעזיצט ערגערע מאַניער'ן, געוואָנהייטען, איידער דער לעצטער. על כל פנים, וואַקסט עס אויס אָבגעלאָזען, אונענטוויקעלט און פיל מיאוס'ער, איידער דאָס גליקליכערע קינד אין דעם רייכען היים.

ווען אַזאַ אָרעם קינד קומט אריין אין דער געוויינליכער שול, קוקט דער לערער אויף אים מיט וויינינגער סימפּאַטיע, און וויניגער אַכטונג ווי אויף דעם רייכער'ן, ראַפינירטער'ן, צירליך־מאַנירליכען קינד. טאַטע־מאַמע, וואָס זיינען דאָס רוב אַליין אונענטוויקעלט, ענטמוטיגען אַזאַ קינד. די היים איז אַזוי אומפריינדליך ווי די שול. און אויף אַזאַ אופן, ציט די שול ווייטער דעם תּהום פון אונגלייכהייט

און אונגערעכטיגקייט וואָס די נאַטור, די אומגעבונג און די געזעלשאַפט האָט דאָס קינד ארומגערינגעלט. „איז דאָס יושר׳דיג?“ — פרעגט מאראם מאנטאסאָרי.

פון דער אַנדערער זייט, ווען מיר נעמען אַ קינד, וואָס ווערט געבוירען און האדעוועט זיך אין אַ רייכער און צופרידענשטעלענדער אומגעבונג, אין העכערע געזעלשאַפטליכע קרייזען, באַזיצט נאַטיר־ליכע שענקייט, איז גייסטיג ענטוויקעלט, האָט איינגענעמע מאַניערען, אַזאַ קינד נעמט געגעווייגליך ביי אַלעמען אויס, אַזאַ קינד גליטשט זיך לייכט דורך די קלאַסען פון שול.

אָבער, אויך אַזאַ קינד איז אונגליקליך, ערקלערט דר. מאריע מאנטאסאָרי, ווייל עס איז לייכט אויסצוגעפינען, אַזאַ אַזאַ רייך קינד, האָט אַ שוואַך האַרץ, אונענטוויקעלטע לונגען, און איז אין די שפּע־טערדיגע יאָרען שטענדיג אין געפאַר מיט׳ן לעבען.

דאָס צאָלט רייכקייט און לוקסוס דעם פּרייז. מען האָט דאָס קינד ניט געגעבען קיין מעגליכקייטען זיך צו באַוועגען. עס איז געוועזן צופיל פארשפארט אין צימערן.

ביידע סאָרטען קינדער דארפען אויסגעגליכען ווערען. ביידע סאָרטען קינדער דארפען אין שול ערצויגען ווערען גלייך, נאַטירליך, פּראָפּארציאָנעל לויט זייערע נויטען. ווארום ביידע קענען פאַלען אלס קרבנות, פון דער אונגלייכהייט אין אונזער געזעלשאַפטליכען לעבען.

די מאנטאסאָרי שול, איז אויך געבויט אויף דעם העכסטען פּרינציפּ פון דעמאָקראַטיע. קינדער פון פארשידענעם שטאַנד, טראָ־גען דיזעלבע קליידער, עסען צוזאַמען און שלאָפען דורך דעם טאָג אין איין צימער, ווען נאָך זעהר קליין.

אַ גאַנץ גרויסע ראָליע אין איר סיסטעם שפּילט ליבע. די ער־ציהער דארפען ליב האָבען די מענשהייט, און פילען אַ ליבע צו יעדען קינד באַזונדער. דאָס ארעמע, נידערשלאָגענע קינד, פארדינט די־זעלבע ליבע און אַכטונג ווי די מער גליקלאַכערע.

ליבע צו קינדער דארף זיין דער הויפּט אידעאל פון ערציהונג. די מאַמע אין דער היים, די לערערין אין שול קענען ניט פארשטיין זייער אויפגאַבע, קענען ניט באַגרייפען דאָס קינד אָן ליבע. ליבע איז דער שפּאַקטיוו דורך וועלכער אַלע קאלירען און פארבען פון קאָנד׳ס נשמה שפּיגלען זיך אָב.

8.

## דשאַן דואי׳ס פילאָזאָפיע וועגען קינדער ערציהונג

דשאַן דואי, דער גרויסער אַמעריקאַנער פילאָזאָף און פּסיכאָלאָג, איז אויך אַ בעריהמטער ערציהער. זיינע פּעדאַגאָגישע לערען זיינען באַקאַנט ווייט און ברייט צווישען דער אינטעליגענץ אין אַלע ציווי־ליזירטע לענדער פון דער וועלט. זיין ווירקונג לאָזט זיך איצט שטאַרק פילען אין דער שול סיסטעם פון דער פרייער סאָציאַליסטישער רוס־לאַנד.

אין אַמעריקא איז פּראָפעסאָר דואי, איינער פון די ערשטע, וועל־כער איז פריי און אָפען אַרויסגעטראָטען מיט אַ שאַרפער קריטיק גע׳געגען די אָפיציעלע פאָלקס שולען, מיט זייערע פאַרפוילטע און אָב־געלעבטע מעטאָדען פון קינדער ערציהונג.

זעהר געלונגען איז דער אונטערשייד וואָס דשאַן דואי מאַכט צווי־שען לערנען און ערציהען. די אַלטע שול, די פאַרעלטערטע מענשען, האָבען די קינדער געוואָלט בלויז לערנען, אָבער די נייע שול, די מאָ־דערנע מענשען קימער׳ן זאַך מייסטענס וועגען די נשמות, כאַראַקטער׳ן, לעבענס אויפגאַבען און טאַלאַנטען פון די קינדער—וועגען זייער ערציהונג.

דשאַן דואי באַזירט זעהר פיל פון זיין פּעדאַגאָגישער פילאָזאָפיע אויף רוססאָ׳ן. ער איז איינשטימיג מיט רוססאָ, אַז ערציהונג מיינט ניט אויסערליכע בעאָבאַכטונגען און שטייף אָנגענומענע אַנשויאונגען, וואָס טאַטע־מאַמע אדער לערער אַרבייטען אויס ביי זיך אין זייער ערפאַרונג. ערציהונג דאַרף שעפּען פון רייכען קוואַל פון דעם איינ־פאַכען אָבער קאָליר־רייכען לעבען פון קינד, וואָס שטראָמט מיט זעהר פיל מעגליכקייטען.

די שול דאַרף זיין פאַרבונדען מיט׳ן אַלגעמיינעם מענשליכען לעבען, — ערקלערט דשאַן דואי, — ווייל דער מענש פאַרברייננגט זיינע יאָרען ניט בלויז מיט לערער, און ענטוויקעלט זיין פּערזענליכקייט און בערייכערט זיין וויסען ניט נאָר אין די יונגע שול יאָרען, נאָר הויפּטזעכליך אויך שפּעטער אין דעם גאַנג פון גאַנצען לעבען.

די שול איז בלויז א קליינער טייל פון דער ערציהונג, לויט דואי׳ס מיינונג, א פערהעלטניסמעסיג איבערפלעכליכער טייל אין פארגלייך מיט דעם וואָס דאָס לעבען לערנט. אבער דאָך ווערט יעדער מענש קינסטליך געשטעמפעלט לויט דער בילדונג וואָס ער האָט באקומען אין שול.

די אויפגאבע פון ערציהונג דארף זיין נישט קליינליך צו מאַכען די שול, נאָר פארקהרט דאָרט אוועקצושטעלען די ערציהונג אויף א נוצבארער, אינטערעסאנטער און הויכער מדרגה. אָט דערפאר דארף די שול זיין וואָס נעהענטער צום לעבען.

דואי האַלט אויך מיט רוסא, אז ערציהונג דארף זיין א לעבענס נויטווענדיגקייט; עס דארף זיין א טייל פון דעם פראָצעס פון זעלבסט ערהאלטונג און פון נאַטירליכען וואַקסען.

אָבער דאָס רוב שולען זיינען געגען די נאַטירליכע נויטען פון קינדער, — ערקלערט דשאן דואי. כמעט אלעס וואָס עס ווערט באַ־נוצט אין די איצטיגע שולען: די געגענשטאַנדען וואָס ווערען געלע־רענט, די מאַטעריאַלען, אפילו די בענקלאך פאַר די קינדער זיינען איינגעפירט געוואָרען פון ערוואַקסענע ניט האָבענדיג גאָר אין זינען די קינדער וועלכע דארפען זיך מיט דעם באנוצען. „אַ מענש מוז פריהער וויסען זעהר פיל זאכען וואָס זיינען נוצלאך פאַר אַ קינד, מוז דאָס קינד פיל שטודירען, און דארף אויסגעפינען: צי קען מען גאָר מיט אַ קינד לערנען דאָס וואָס אַ ערוואַקסענער מענש דארף וויסען? פּרובירט לערנען מיט אַ קינד וואָס עס איז אים נוצבאַר און איר וועט גלייך אויסגעפינען אַז עס גיט אַוועק פאַר דעם די גאַנצע צייט און ענערגיע. פארוואָס גאָר צווינגען אַ קינד צו לערנען וואָס עס וועט פילייכט קיינמאָל ניט באנוצען און פּראַקטישען לעבען?“ פרעגט רוססא.

דשאָן דואי איז מיט דער מיינונג אז קינדהייט דארף באַשיצט און באהיט ווערען. קינדער דארפען שפּרינגען, לויפען, שפּילען זאַך און הוליען. דאָס איז נישט קיין ארויסגעוואָרפענע צייט. ווארום מען דארף שטענדיג האָבען פאַר׳ן אויג, אז שפּעטער שוין קענען קינ־דער ניט איבערלעבען נאָך אַמאָל אַזיינע פריידיגע מינוטען. מיר זוכען צופיל דעם תכלות פון יוגענד., פון וואַקסען, און מיר לאָזען גאָר פון אויג אַרויס, מיר פארנאַכלעסיגען אין גאַנצען דעם פּראַצעס פון וואַקסען.

„שנעלער מאַכען דעם וואקסען פון קינדער, מיינט ארויסברייננגען געצוואונגענע פרוכט, אונצייטיגע און טעמ'לאָזע פרוכט, וואָס פוילט איידער עס ווערט צייטיג. קינדער האָבען זייער אייגענעם שטייגער פון דענקען, זעהן און פילען“, ערקלעהרט דשאַן דואי.

ווערליג פּראָפעסאָר דואי'ס אויסטייטשונגען, איז דער פּראָצעס פון וואַקסען פאַר קינדער אַ פּראָצעס פון זעלבסטשטענדיגקייט. זייער טעטיגקייט קען מאַנכעס מאָל אויסקוקען נאַריש פאַר ערוואַקסענע, אָבער פאַר די קינדער איז עס אַ מעגליכקייט בעקאַנט צו ווערען מיט דער וועלט און מיט די מענשען ארום. די שטענדיגע אונרוהיגקייט פון קינדער קוקט אויס זינלאָז פאַר ערוואָקסענע, מחמת די ערוואַקסענע זיינען שוין באַקאַנט מיט דער וועלט אין וועלכער זיי לעבען און זיי פאַרשפּאָרען שוין דורכמאַכען די עקספּערימענטן וואָס קינדער זיינען געצוואונגען דורכצוגעהן.

די קערפּערליכע ענטוויקלונג און באַוועגליכקייט איז ניט קיין שטערונג צום קינד'ס גייסטיגע ערציהונג, נאָר פאַרקעהרט, עס ברייטירט אויס און פאַרטיפערט דעם קידנ'ס גייסטיגע וועלט און פאַנטאַזיע.

די ערציהונג פון קינדער דאַרף זיין אין אַנקלאַנג מיט זייערע נאַטירליכע קרעפטען און מעגליכקייטען. זייערע פיזישע, זינליכע און גייסטיגע כחות דאַרפען זיין דער פונדאַמענט פון ערציהונג. די טאַטע־מאַמע און לערער דאַרפען ניט נאָר בעאָבאַכטען, נאָר אויך אריינדרינגען אין די נויטען זייערע; באַגרייפען און פאַרשטעהן די נשמה און דאָס לעבען פון קינדער און פרייער מאַכען זייערע אימפולסען כדי זיי געבען אַ נאַטירליכע ווענדונג.

דואי שטימט איין מיט רוססאָ אויך אין דעם, אַז מיר ווערען אָבגענאַרט פון קינדער. מיר הערען זיי נאָכריידען ווערטער, און מיר דענקען אַז קינדער פאַרשטעהען ריכטיג דאָס וואָס זיי זאָגען. דער אמת איז, אַז אין זייערע קינדערישע מוחות ווערט אָבגעשפּיגעלט אַלץ וואָס זיי הערען. קיין אמת'ן באַגריף קענען זיי וועגען קיין זאַך נישט האָבען, סיידען זיי קומען אין בערירונג מיט די זאַכען, דאַרום דאַרף זיין די אויפגאַבע פון ערציהונג צו באַקאַנען קינדער מיט לעבעדיגע באַשעפעניש'ען, פלאַנצען, אָביעקטען, פעלקער און נאַטור ערשיינונגען.

קינדער דארפען זעהן, הערען, ארומנעמען אביעקטען און נאָכדעם וועט זאך שוין יעדע זאך איינקריצען אין זייערע נשמות ווי אין זייערע געדאנקען. מען טאָר מיט קיין קינד קיין וואָרט נישט לער־נען וואָס ער פארשטעהט נישט. דאָס איז פשוט א רואינירונג פאר'ן קינד, עס פירט דאָס קינד אראב פון נאטירליכען וועג. מען דארף לערנען מיט קינדער די ווירקליכקייט פאר'ן סימבאָל, די קאָנקרעטע פאר די אבסטראקטע און דאס נאטירליכע איידער קאָנווענציאָנעלע זיטען.

יעדעס קינד האָט א רעכט אויף קינדהייט. די מאָדערנע שול דארף נישט ארויפלייגען קיינע שוועריגקייטען אויפ'ן קינד; דארף נישט ארויפדריקען קיין געגענשטאַנדען. ריכטיג אזוי ווי דאָס קינד לערנט זיך ריידען אויס באדערפעניש, ווייל עס האָט וואָס צו זאגען און וויל זאָגען, אזוי פריי דארף עס זיך לערנען לעזען און שרייבען. אין שול, — ערקלערט פראָפעסאָר דואי, — דארפען זיך קינדער לער־נען בעסער, אבער די נאטירליכקייט דארף זיין דאָרט ווי אין דער היים.

דשאָן דואי האָט זיין פילאָזאָפיע וועגען קינדער ערציהונג ענט־וויקעלט ווייטער ווי רוסאָ. ער איז אין זיינע אנשויאונגען אויך בע־איינפלוסט געוואָרען פון פראָבעל און פאסטאלאצי. בעזונדערס פון לעצטען האָט ער געלערענט, אז ערציהונג דארף זיין א געזעלשאפטליכע פונקציאָן. די קינדער דארפען אויסגעהאדעוועט ווערען אלס נוצבארע מענשען פון דער געזעלשאפט, וועלכע זאלען דיענען די מענשהייט.

די שול דארף האָבען שטענדיג פאר'ן אויג, אז זי ערציהט קינדער, וועלכע וועלען דארפען לעבען אין אוועלט מיט מענשען. יעדעס קינד וועט שפעטער דארפען טאָן א געוועגליכע ארבייט, דארפען דינען אויף א געוויסען אָרט דער מענשהייט. דערפאר דארף אין די שולען געלערנט ווערען ניט נאָר טרוקענע געגענשטאַנדען, נאָר אויך מלאכות, וועלכע העלפען אויס אין די לערן און דעמאקראטיזירען די ערציהונג, ערוועקענדיג רעספעקט צו אינדוסטריע און ארבייט. אין דשאָן דואי'ס שול, געגרינדעט אין שיקאגאָ, לערנט מען מיט די קינדער שוסטעריי, טישלעריי, דרוקעריי, נייהען און קאָכען.

דשאָן דואי, האָט אויף אזא אופן געלייגט דעם גורנדשטיין פון דער ערציהונג, וועלכע ווערט איצט פראקטיצירט אין די קינדער שולען פון סאָוויעטען רוסלאַנד.

.9

# אידיש אַלס שפּראַך פאַר ערציהונג

אידיש שפּילט אַ זעהר גרויסע ראָליע אין דער ערציהונג פון אונזערע קינדער. די אידישע שפּראַך פאַרקערפּערט אין זיך די קול־טורעלע אוצרות פון אונזערע פאַרגאַנגענע דורות. עס שפּיגעלט אין זיך אָפּ די פאַרבן און קאָלירן פון דער נשמה פון די אידישע פאָלקס מאַסן.

די אידישע בורזשואַזי רעדט מייסטענס ניט קיין אידיש, דער אידישער מיטלקלאַס, וויל זיך ווי ווייט מעגליך צופּאַסן צו די הער־שענדע שפּראַכן אין אַלע לענדער. אידיש ווערט גערעדט בלויז פון המון, פון דעם האָלץ העקער, שוסטער, שניידער, דינסטמיידל און דער באָבען ביים פּריפּיטשאָק.

דער גייסט פון דער אידישער שפּראַך איז דערפאַר דער גייסט פון האָרעפּאַשנעם פאָלקס מענשען; די אידישע ליטעראַטור איז די ליטע־ראַטור פון די דעמאָקראַטישע אידישע פאָלקס שיכטן.
וועלענדיג ערציהען אונזערע קינדער אין אַ פרייעם דעמאָקראַ־טישן און געזונטן גייסט, איז אונזער פליכט אַז די קינדער זאָלן קענען ריידן, לעזן און שרייבן אידיש.

אידיש וועט זיי פאַרבינדען מיט די שאַפונגען פון דער אידישער ליטעראַטור און קונסט; וועט זיי פאַראייניגען מיט דער היים, וואו טאַטע־מאַמע ריידן, דענקען און לעבן אין אידיש.

כדי די קינדער אונזערע זאָלען געניסען פון דעם איינפלוס פון דער היים; פון דער צערטליכקייט און פאַנטאַזיע פון דער מאַמען און באָבען, איז וויכטיג אַז זיי זאָלן קענען אידיש.

פּיליכט איז אידיש איינע פון די הויפּט טרייב קרעפטן פאַר דער ערציהונג פון אידישע קינדער לויט דער מאָדערנער פּעדאַגאָגיע, וועל־כע שטרעבט ארויסצוברייננגען די אינערליכע פאַרבאָרגענע קרעפטען פון קינדער. די מאַמעס און באָבעס ליולין לידער ווערען פאַר די אידישע קינדער אין די וויגן אין אידיש געזונגען.

קענען די קינדער אונזערע קיין אידיש נישט, ווערן זיי אָפּגעריסן פון דעם גאַנצן אידישן קולטור לעבן. זיינען זיי נישט ביוכלת צו שעפּן פון קוואַל פון דער רייכער פאָלקס פּאָעזיע און פאָלקס לעבן.

די אידישע ליטעראַטור, וועלכע איז דערהויבען געוואָרען פון אזויי־נע קינסטלער: ווי י. ל. פּרץ, שלום עליכם, יעקב דינעזאָהן, שלום אש און אברהם רייזין, און די גאַנצע רייהע יונגע דיכטער און שרייבער, איז די דעמאָקראַטישסטע און פאָלקסטימליכסטע אין דער וועלט. דער טאָן איז דאָרט אַ פרייער, אַן איינפאַכער, ווי פריי און איינפאַך עס איז דאָס פּראָסטע פאָלק, מיט זיין געזונטן חוש, מיט זיין נאַטיר־ליכן שטרעבן און קאַמף.

אידישע קינדער קענען לייכט ערצויגען ווערען אין דער אידישער שפּראַך. זיי לערנען עס זיך אויס נאַטירליך און באַזיצן אַ ליבע צו דער אידישער שפּראַך, וואָס ווערט ביי זיי אין דער היים גערעדט און געלעזן.

די אידישע שפּראַך און די אידישע ליטעראַטור דאַרף זיין דער הויפּט געגנשטאַנד אין דער ערציהונג פון קינדער אין דער היים און אין דער שול. די אידישע ליטעראַטור איז מסוגל צו געבען די קינדער אַ שטויס צו זוכן אמת אויף דער וועלט און יושר צווישן מענשען.

אידישע ליטעראַטור אויף דער אידישער שפּראַך איז אומשטאַנד צו דערוועקען אין די קינדער געפילן צו שיינהייט און צו ערליכקייט, ווייל די ליטעראַטור און שפּראַך איז זייערע, שוויבעלט און גריבעלט אין זייער נשמה, מען דאַרף נאָר די סטרונעס אָנרירן, וועט עס זאַך פאַנאַנדערשפּילן מיט די פיינסטע טענער פון מוזיק.

עס איז נאַטירליך, אַז אידיש דאַרף געלערנט ווערן אין מאָדערנע שולען, אויף אַ מאָדערנעם אופן, ווייל אַפילו שפּראַך קען אויך געלערענט ווערען אויף אַ קאָנסערוואַטיווען און ראַדיקאַלען שטייגער. עס קען אין דיזעלבע ווערטער אריינגעגעבען ווערען אַ גייסט פון פרייהייט אָדער אַ גייסט פון קנעכטשאַפט. די אידישע ליטעראַטור דאַרף באַזאָנ־דערס אויסגעטייטשט ווערען פון דעם שטאַנדפּונקט פון פאָלקס גייסט און פאָלקס נשמה.

## 10

# שלום

די אידישע שולען, וועלכע ווערען איצט געגרינדעט איבער'ן גאנ־צען לאנד דארפען פריער פון אלעס זאך רעכענען מיט די אויפטואונ־גען אויף דעם פעלד פון מאָדערנע קינדער ערציהונג. די אומגעבונג פון די שולען דארף זיין א פאסענדע; א נאטירליכע וועלכע זאל מעגליך מא־כען אז די קינדער זאָלען זאך אויסהאָדעווען אלס געזונטע און פרייע מענשן.

וויבאלד ערציהונג איז דער הויפט פאקטאָר פון מענשליכען לע־בען, איז דער הויפט כח וואָס טרייבט דעם מענשליכען פראָגרעס, דארף מען אָנשטרענגען אלע קרעפטען אז די קינדער אונזערע, זאָלען אויס־געהאָדעוועט ווערן לויט דעם מאָדערנעם באגריף פון ערציהונג וואָס איז דער הייליגער פייער אויף וועלכען עס ווערט אויסגעשמאָלצען דער נייער מענש, דער מענש פון דער צוקונפט.

די שולען דארפען זיין פאראייניגט מיר דער היים. די היים דארף העלפען די שולען. אָבער די ערציהונג אין דער היים און דער שול, דארף צוגרייטען די קינדער צום קאמף פון לעבען.

קינדער ערציהונג איז ניט בלויז באזירט אויף שולען און לערער, נאָר אויף אלעם מיט וואָס דאָס קינד קומט אין בארירונג, די שטומע נאטור, ערציהט קינדער; די גאס, די היים, מענשען ארום, געזעלשאפט ערציהט קינדער.

עס איז דארום די אויפגאבע סיי פון טאטע־מאמע און סיי פון לערער, צו אויסקלייבען די אומגעבונג פאר'ן קינד; זאך צו זאָרגן וועגן דעם וואָס עס רינגעלט ארום דעם קינד.

קינדער דארפן זיין מייסטענס צווישען קינדער. די טאטע־מאמע און לערער, דארפן נאָר ווירקן, דירעקטירן די קינדער טעטיגקייט, אָבער אין דערזעלבער צייט טרייבען די זעלבסט אקטיוויטעט, די זעלבסט־שטענדיגקייט פון קינדער.

מיר זיינען נאָך אלץ שקלאפען פון דיסציפלין, און מיר זעהען וואָס מעהר דיסציפלין צווישען אונזערע קינדער איינצופירען. מיר האַלטען

נאָך אַלץ שטאַרק פון די לערער, וועלכע קענען האַלטען קינדער אין שטרענגער דיסציפּלין. אָבער דיסציפּלין איז ניט קיין ערציהונג, ריכ־טיג ווי מורא איז ניט קיין רעספּעקט.

מאָדערנע ערציהונג שטרעבט צו פאַראינטערעסירען קינדער מיט נוצליכער טעטיגקייט, צוציהענדע שפּילערייען, פאַנטאַסטישע מעשה־לאַך, אַזוי אַז קינדער האַלטען זאַך רוהיג און אין אָרדנונג, אָן שטרענגע דיסציפּלין און רעספּעקטירען די טאַטע־מאַמע און לערער אָן מורא.

די באַציהונגען צו די קינדער, די אומגעבונג און די היים דאַרפען אַזוי איינגעריכטעט ווערען עס זאָל מעגליך מאַכען די נאַטירליכע ענט־וויקלונג פון אונזער יונגען דור. זעלבסט אַקטיוויטעט איז דער הויפּט באַזיס פון מאָדערנער ערציהונג. די ערוואַקסענע דאַרפען נאָר שאַפען די מעגליכקייטען, דעם מאַטעריאַל, די אויסערליכע באַדינגונגען צוגע־פּאַסט צו דער פיזישער און גייסטיגער האַדאָוואַניע פון קינדער.

ענדע



## טעכנישע באַמערקונג

צוליב טעכנישע טעמים און אויך צוליב דער גרויסער ענדערונג וואָס קומט פאָר אין דער אידישער ארטאגראפיע, איז די אויסלייגאכץ פון דיזען ביכעל ניט אין גאַנצען אויס־געהאַלטען. די לעזער וועלען זיך מיט דער לאַגע זיכער רעכענען און פארשטעהן אַז מיר האָבען געטאָן דאָס בעסטע אונטער די אומשטענדען.

אַכטונגספאל,

די אַרויסגעבער.

# ביכער וועגען קינדער ערציהונג
# אין אידיש

פראַנציסקאָ פעררער און די פרייע ערציהונג פון
דער יוגענד . . . . . . . . ר. ראקער
די שול פון דער צוקונפט . . . . עללען קעי
ערציהונג, גייסטיגע, מאָראַלע און פיזישע . .
. . . . . . . . . הערבערט ספענסער

# אין ענגליש

די ענשטעהונג און אידעאַלען פון דער מאָ-
דערנער שול, . . . פראַנציסקאָ פעררער
ווארום האַלטען מענער מלחמה . . .
. . . . . . . . . בערטראַנד ראסעל
זייט איהר ווען געווען אַ קינד . . פלאָיד דעלל
דעמאָקראַטיע אין ערציהונג . . דשאַהן דואי
שוהלען פון דער צוקונפט דשאַהן און עוועלין דואי
די ערציהונג פון קינדער . . . . מ. מאנטאן
געדאַנקען וועגען ערציהונג . . . דשאַהן לאָק
עמיל, אָדער ערציהונג . . . דשאַן דשאק רוססא
ערציהונג, גייסטיגע, מאָראַלישע און פיזישע
. . . . . . . . . . הערבערט ספענסער
וועגען קינדער . . . שארלאטע פערקינס גילמאַן
דער יאָהרהונדערט פונ'ם קינד . . עללען קעי
דער מאנטאסאָרי סיסטעם . . . . . .
. . . . . . . . . דר. מאריע מאנטאסארי
די טראגעדיע פון ערציהונג . . ע. דש. האלמעס
פרייהייט . . . . . . . . גילבערט קעננאן
די ערציהונג פון דער מענשליכער פלאַנץ
. . . . . . . . . . לוטהער בורבאנק
פעדאגאגישע שריפטען און די שול אין יאַס-
נאַ פאָליאַנאַ . . . . . . לעאָן טאָלסטאָי